י. א. ראָנטש

# הונגעריקע הענט

## לידער און פּאָעמעס

פאַרלאַג „סיגנאַל״, באַם „פראַלעטפען״
ניו יאָרק, 1936

# ביכער פון י. א. ראָנטש

ווינטן, לידער, 1923
שאָטנס פון ניו יאָרק, פּראָזע, 1928
אינדיאַנער זומער, לידער, 1930
הונגעריקע הענט, 1936

**פאַר קינדער:**

ווילי דער זינגער, 1928
בריוו פון די קעטסקיל בערג, 1928
סטיוו קאַטאָווים, 1935
טשארלס רוטענבערג 1935
קלאַרא צעטקין, 1935

**גרייט צום דרוק:**

אַ באַנד דערציילונגען
פיינע מענטשן (פּיעסע)
בלומענוויל (נאָוועלע)
**ביאָגראפיעס**
וויליאַם ז. פאָסטער
די העימאַרקעט געשיכטע
דזשאָן ריד
מעק נאַמאַרא

# דער זייער האָט געזייט

דער זייער האָט געזייט
אין פרישן, רויטן טוי.
דער ווינט האָט אַף זיין פלייט
זיך צוגעפיפן רוי.

די ערד מיט פולן בויך
געסאָפּעט האָט פאַרשמאַכט.
די זון — געלאַכט פון הויך
אַף דראָענדיקער טראַכט.

די ריטשקעלעך צום טייך
געריזלט האָבן שנעל;
און וואַסערן זיך גלייך
מושטירט אַף זיין באַפעל.

אין וואַלד האָט האַק נאָך האַק
אַ וועג פאַר ליכט געמאַכט.
ס'האָט אָפּגעהילכט געקנאַק;
דער העקער האָט געלאַכט.

די ערד האָט פון דער טיף
צעפּראַלט ס'פאַרזיגלט מויל.
דער טרערן־רעגן־טריף
אַנטדעקט האָט דוירעס גרויל.

פון גריבער, לעכער־שפּאַלט,
איז מענטש צו זון אַרויס.
עס האָט מיט פרייד געשטראַלט
דאָס גרעזל און די רויז.

און אומעטום דער צוויט
געוועזן איז שאַרלעך־רויט.
וואו מענטש געשטעלט האָט טריט
אַנטרונען איז דער טויט.

אַ יאָנטעוו האָט דערקלערט
געווינערן — די ערד.
פאַרטריבן סוינע־טויט
האָט צוויט פון שאַרלעך־רויט.

זיך אויסגעצירט האָט וועלט
אין רויט, פון ראַנד צו ראַנד.
ס׳האָט שיר ניט אויסגעפעלט
אַ שטיקל רויט געוואַנט...

# אָקטאָבער

עס טונקלט גרינס אַף איינגעשפּאַרטע בלעטער,
נאָר קלוגער בוים דעם פליקער־גאַסט דערוואַרט.
אַף שוואַרצע צווייגן קלעטערט ווער און קלעטערט —
און הארבסט מיט בעזים־ווינט די ערד שוין שאַרט.

די טייררויז שמעקט און בליט זיך ערשט פּאַנאַנדער;
אין קנאָספּן וויקלט זיך דער אַראָמאַט;
און ביז עס גרייכט דער רוף צום דאַרעם־וואַנדער,
איז פויגל־סטאַיע אויסגעזאָרגט און זאַט.

מיט גינגאָלד זוימען זיך די גרינע יעלן;
די דעמבעס צירן זיך אין בלענד־בורשטין.
אַף קוסטעס גלעקלען שטום די רויטע קרעלן;
אין שאַרלעך־בלומען גריבלט טיף די בין.

עס רייצט דער קינסטלערישער בלעטער־שלאָבער,
וואָס מיניעט זיך פון גרין אַף געל, אין רויט;
עס אַרט אים ניט דער גרויל פון טאַנץ־מאַקאַבר:
דער בלאַט אַף צווייג איז גאָלד, דער פאַל — איז קויט.

און פולע, פרישע, פלאַמענדיקע דאַליעס
זיך האַלטן פעסט, ביז ס'קנייפּט זיי ערשטער פראָסט.
ווען ווינט צעברויזט אַף ערד די ברוינע כוואַליעס,
דאָן וויגט זיך נאָך אַף דעמבעס בלעטער־ראָסט.

עס אַרבט די פּרוכט דער אַקראַבאַט, דער וועווער;
באַגראַבט די אויצרעס זיינע און — פאַרגעסט.
און ווען דער ווינט אין פּאַרק אין פּוסטן רעוועט,
צעלאַכט זיך וועוורוק אין זיין בלעטער־נעסט.

נאָר אַרבעטלאָזער מוליער בליקט פאַרטרויערט:
צו הויך פאַר טליע אייגענער איז דעמב.
עס וואָיעט הונגער־וואָלף, דער טויט ער לויערט,
און שטום איז דער אַרום און ווייט און פרעמד.

אַף ברייטן סקווער האָט אוילעם זיך פאַרקליבן
און ווילדערהייט דעם סוינע־וואָלף געדראָט.
דער ווינט אין פּאַרק די בלעטער האָט געטריבן,
געריטשעט האָט פון נויט די בייזע שטאָט.

# מערץ–געזאַנג

כ׳האָב היינט אַ שפּאַן געטאָן אין יאָסעמדיקן פּאַרק,
וואו ווייסע זיגלען האָבן ווינטער נאָך פאַרכאַסמעט,
און ענטלעך האָבן זיך געוואַקלט שיקערלעך
אַף פּאָלירטן אייז־דיל פון לאַגון,
און גרויע פייגל האָבן זיך געלאַנגווײלט
אַף אָנגעצויגענע, פאַרשוואַרצטע ביימער.

איך טויוול זיך אין שאַרפער לופט
פון גאַס דער ברויזיקער;
עס שפּראָצט פון ערד מיט פרישער קעלט;
עס בערגלען זיך די טריט אַף האַרטן פריר
און ס׳שטייט דער פּאַרק — אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

נאָר מיטאַמאָל זיך הערט פון ווייט,
פון ברייטן, האָפּערדיקן אָטאָ־וועג, —
גערוועזער שפּליטער־קלאַנג
פון פּאָליציייאישן פּאַטרול־וואָגן.
עס כאַפּט זיך אויף נירוואַנאַדיקער פּאַרק.
פון וואָגן הילכט אַ קייקלדיק געזאַנג
פון יונגע העלדזער — מוטיק, פריי.
עס שאַלט אַרויס דורך וואָגן־גראַטע:
„דאָס איז שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער...״

ווי ווייטע דונערן פאַרגייט ס׳געזאַנג.
נאָר אַף האַרטער, הוילער אויבערפלאַך
טאַנצט אַרום דאָס ליד פון סטרייקער־יאַטן,
שרייט אַריין אין אויער פונעם ביימער־שפּיץ.
עס טוט אַ שמעק מיט פרילינג־גראָז;
עס גיט אַ פליטער־פלאַטער
די ענטל־בריגאַדע.
עס קאַנפערירן איילנדיק די פויגל־סטאַיעס;
און פון אַקשאַנעסדיקער ערד גייט אויף
אַ וואַרימקייט,
וואָס ווייכערט טריט
און שיקערט אַן דעם רוים
מיט יונג געזאַנג.

# קריעס

באַנאַכט האָט שטומער טייך געריטשעט פון די ווייסע יאָכן,
געראַנגלט האָבן בייזע קריעס זיך פאַר פרייען שפּרייז.
דער פראָסט — געבאַרעט זיך, געטרעשטשעט מיט די קרוכלע קנאָכן,
באַהעפט די נאַכט מיט קעלט, פאַרריגלט זיי מיט שלעסער אייז.

פאַרטאָג געוואָרן זיינען קריעס ווילד און זיך צעכראַסטעט,
איז ענג געווען, האָט טייך זיי אויסגעשפּיגן אָפן ברעג.
איז ערד דאָ פרעמד, געשפּרונגען האָט מען מער ניט האַסטיק,
געלעגן שווער און שטום און ניט געוואוסט צוריק דעם וועג.

ס'איז אויפגעשטאַנען טרעגער־גאַס, מיט הונגעריקן מאָגן,
דערזען גאָר האַרט באַם טיר די אומגעווינטשטע געסט.
אַ רויער פרישער רייעך האָט פון קריעס זיך געטראָגן,
דער אוילעם האָט געלאַכט: „זאָל וואויל באַקומען אייך אייער קעסט!“

די קינדער האָבן זיך געפרייט: אַרויף אַראָפּ געשפּרונגען,
די קריעס איינזאַמע געלעגן זיינען צוגעשמידט.
דער טייך געלעקט האָט ווייסן ברעג מיט ציטערדיקע צונגען
און הונגער האָט געשפּאַנט אַף טרעגער־גאַס מיט גרינגע טריט.

# זונשיין און שטורעם

(סאָלאָ)

אַף בערגל רייצט דער אַראָמאַט פון היי
און ס׳מאַניעט פּראַכט פון יונגע קיפּאַריסן;
נאָר ס׳גרייט פאַר אונדז ווער קייוועך אין טראַנשיי
און שטאָפּט מיט בליי די קויל וואָס וועט מיך שיסן.

מיין לייב האָט זיך געבאָדן היינט אין זון,
געטוקט זיך פריי אין וואַסערן די קלאָרע;
כ׳האָב לאַכנדיק געשפּייזט די ראָבע הון,
מיט הונט געוועזן צו גאַסט אין ווייטער נאָרע.

מיין גוף האָט אויפגעבליט, ווי גרינס, פון פרייד,
כ׳האָב לעבנס־ליד מיט פויגל־כאָר געזונגען; —
נאָר ערגעץ האָט ווער גאָז פאַר מיר געגרייט,
אַף באַיאָנעטן־שאַרף איז טויט געשפרונגען.

איך האָב דערהערט דעם שפּרייז פון טויזנט פיס,
ווי אַ סטאַמפּיד פון בופל־אָקסן סטאַדע.
געפרייכט מיט גרויל האָט היפּאָ־טאַנק, דער ריז,
פון הימל האָט געדונערט לופט־אַרמאַדע.

די נאָז דערשמעקט האָט שלאַכט־הויז בלוט. פאַרוואָס
דען אויסשטרעקן דעם האַלדז, זיך לאָזן שעכטן?
אויב קריג — ווועל א י ך אַ קנאַל טאָן ערשטן שאָס
אַף די, וואָס נעץ פון טויט פאַר אונדז פאַרפלעכטן.

מיר ווילן זונשיין־פרייד און הימל־בלוי;
ס׳וועט קיינער אונדזער לעבן מער ניט רויבן.
און ווער ס׳מאַכט פּערל זיך פון בלומען־טוי,
וועט רגיטער צאָרן־שטורעם אים צעשטויבן!

# זומער־רעגן

דער פויקער־רעגן
פרעגט באַ קיינעם ניט קיין קאַשעס
און לאָזט אַראָפּ
דעם קייקלדיקן זילבער־שרויט
אַף גרינע פלאַטערדיקע בלעטער —
און צוואָגט זיי אויס.

עס גליטשן טרערן זיך
פון ראַנד צו ראַנד
פון קיצלדיקן לאַכן,
און עס יאָנטעוון די בלעטער
און גלאַנצן אויסגעבאָדענע
און שמעקן.

זיי גרייטן זיך
מעקאַבל פּאָנים זיין
דעם גוטן טאַטן זייערן —
די זון.

# ראָסטיקע בלעטער

אַזויפיל לוסט צום לעבן אין דעם פלאַם פון פאַרבן
פון בלעטער האַרבסטיקע, פאַרזיגלטע צום שטאַרבן.
נאָוועמבער־ביימער פּראָוועוען מאַסקאַראַד;
זיי האָבן יאַגעדעס און ניס געגרייט צו זאַט.
און וועוועריק זילבערעקיקער
איז מער ניט איצט קיין שרעקיקער:
„פאַראַן צו קנאַקן אַן אַ שיר,
ווער קען זיך גלייכן דען צו מיר?"
די ערד איז ווייך, ס'איז בראָנז דאָס גראָז;
אויף סטעזשקע שטייט פאַרגלאָצט אַ האָז.
עס בליען ערשט די כריזאַנטעמעס און די דאַליען
און בלעטער ראָסטיקע זיך מערן אַלץ און כוואַליען.
די ווילדע קאַטשקעס פליען אָפּ מיט ליאַרעם,
די לופט קרישטאָלט, די זון נאָך וואַרעמט.

און באַם פאָנטאַן אַ יונגערמאַן וואַשט אויס זיין גרעט;
די באַנק פון פאַרק איז איצט זיין היים, זיין בעט.
אַן אַלטיטשקער גייט אום און בעטלט געלט;
דערנעבן האָט אַ לימוזין זיך אָפּגעשטעלט.
און דאַמעס צוויי, באַגלייט פון אַ שאָפיר,
באַוואונדערן נאָוועמבערדיקן גאָלד־קאָליר.
זיי וואַרפן ניסלעך צו די וועוועוועקס אין פאַרק,
דער הונגעריקער אַלטער איז זיי מעקאַנע שטאַרק.

# אַ פישער־דאָרף אין מעין

1

אַ שטילער שמייכל רוט געמיטלעך אָפּן האַפּן־שטעטל
און איינגעהאַלטן שפּריזט דער מענטש אַף טראָטואַרן שמאָלע.
עס שמעקט מיט פיש געזאַלצענע, וואָס טריקענען זיך אַף ברעטער,
די ברוינע יאַם־לייט צופּן פויל די איינגעאַקשנטע מאַזאָלעס.

אַף הויפּט־גאַס הענגען אויסגעשטעלט אינדיאַנישע געוועבן
און קערבעלעך געפלאָכטענע פון שמעקעדיקער קאָרע.
אין קוישן ליגן הויפנווייז אין מושעלן די קרעבן
און שווייגנדיקע קרעמער האָבן אויגן בלויע, קלאָרע.

פון קילנדיקער בוכטע שפּיצן זיך גראַציעזע מאַסטן.
אַף בערגלעך הויערן די טונקל־גרינע סאָסנע וועלדער.
די שלעפּערס אָפּן וואַסער פּעכן אונטער שווערע לאַסטן,
און קאַפּיטאַנען זיינען דאָ באַ יעדן גרויסע העלדן.

אין האַפן אַנקערן די מיליאָנערסקע ווייסע יאַכטעס.
נאָר קינדער דאָרפישע פון אָרים־פישער־לעבן טרוימען.
אין הויפן ליגן שיפלעך אונטער שווערע שטייפע פלאַכטעס
און אונטן — גרינע כוואַליעס קלאַפּן אָן אין טיר און שוימען.

אַף וועגן בערגלדיקע שמעקן קליינע ווילדע רויזן
און מאַלער קומען אָן אַף וואָך צו מאַכן זיך אומשטערבלעך.
זיי מאָלן זון־פאַרגאַנג אַף בריק און טראָגן סאַמעט־הויזן,
זיי קוויקן זיך מיט וואַרימען ברוינעם ברויט און כאַזער־בעבלעך.

די מעוועס קרייזן אום אין לופט, ווי קליינע עראָפּלאַנען.
זיי לאַכן, וויינען, יאָגן זיך און רוען אַף די פלעקער.
די יאָלקעס צירקלען שוואַרצע שאָטנס אויס אַף גרינע לאָנען,
און אַף דעם אינדזלס לייכט־טורעם פון וויטן קלינגען גלעקער.

.2

די ווייסע קאַטעדזשעס מיט גרינע לאָדנס טרעפּלען זיך צום האַפן;
די שמאָלע געסלעך מאַניען, שלענגלען זיך מיט אָפן מויל, און גאַפן.
אַף בערגלעך — שפּיצן סאָסנע־וועלדער אָן די אויערן צום אַטלאַנטיק,
די גרינע כוואַליעס גלעטן גלאַטע געלע פעלזן עלעגאַנטיש.

נאָר טויט דער האַפן איז. עס קומען ניט, ס׳פאַרלאָזן ניט קיין שיפן.
אין רעכטן לעב־סעזאָן ליגט ס׳שיינע דערפל אין פאַרצווייפל טיפן.
אַף פוסטע וואַרפן דרעמלען כמורנע פישער, טרעגער און מאַטראָסן.
דער האַפן שווייגט. דער קרעמער שטומט. נאָר זאָרגלאָז לאַכן
אַלבאַטראָסן.

די פלינקע, פיינע פרויען־פינגער ניט פאַרנומענע מיט העפטן,
מיט פלעכטן, שטריקן, נייען פאַר טוריסטישע אַנטיק־געשעפטן.
עס קומען מער ניט געסט געגאַרטע און עס פעלן אויך די מאָלער;
די יאָנטעוודיקע שוי־פענצטער פאַרהונגערט, גיריק נאָכן דאָלער.

אין האַפן—מאַטאַר־שיפלעך, שטאָלצע זעגלען שטייען צום פאַרקויפן.
עס בליען בלויע בלומען. לופט איז פרייד. נאָר ס׳טרויערן די הויפן.
ס׳האָט יעדער הויז אַ צימער צו פאַרדינגען. וואו איז דער געגאַרטער?
די קינדער גייען אום דערוויל שוין אָפּגעריסענע, פאַרדאַרטע.

עס זינגט ניט מער ניי־ענגלענדער אַ לויב־געזאַנג צום שטאַט פון
פינען.(*

עס שמעקט די ווילדע רויז. יאַם רופט. נאָר ס׳איז ניטאָ וואָס צו
פאַרדינען.

די צייטן גוטע—אויסגערונען. בייז דער בירגער איז און בייסיק.
ער זעט: עס ווערט אַלץ ערגער דאָך אין ניינצן־דריי־און־דרייסיק.

---

*) סאָסנעס.

# וואַקאַציע־טעג אין מעין

ס'האָט ליכט געקיצלט מיר אין פּאָנים,
ס'האָט רו אַרויסגעגנאַרט פון בעט.
און אין נויאָרק די פריינט־נאַראָנים
די אומרו טרייבט: ס'איז שפּעט, ס'איז שפּעט!

בײַ מיר איז היינט אַזויפיל צייט פּאַראַנען,
אַז כ'לאַך פון זיך: וואָס האָב איך היינט צו טאָן?
כ'וועל ווידער שפּאַנען, שפּאַנען, שפּאַנען
און הערן בלויז געקריי פון זאַטן האָן.

עס שמאַרצט מיין ליפּ, די צונג זי לעקט —
עס האָט די לופט מיין גוף באַזאַלצן;
מיט סאָסנע־פּעך מיין מאַנטל שמעקט;
איך זע פון וויטנס כוואַליעס וואַלצן.

כ'וועל אויסמעסטן דעם אינדזל. ביזן שפּיץ
פון ברוינעם פעלדז אַ קריך טאָן און אַ קלעטער.
נויאָרק מוז פרעגלען זיך מיטטאָג פון היץ
און דאָ איז קאַלט. עס ווערט ערשט לעבלעך שפּעטער.

וואָס הערט זיך נייס אויף דער וועלט?
ווי האַלט עס מיטן סטרייק פון מיינערס?
מיין פריינט, מיין צייטונג־בלאַט, מיר פעלט,
איך לעב ווי ס'לעבט, אין ליד, ציגיינער.

אָט קומען פישער אָן פון יאַם.
איך שטיי און גליטש זיך אויף די נאַסע ברעטער.
די יאַם־לייט לאָדן אויס זייער פאַנג,
עס ליגן פיש אין זאַלץ שוין אויסגעבעטע:

די פערלמוטער, זילבער־גרינע
רעגנבויגן־מאַקאַרעלן.
קאָלירן מיניען זיך און מיניען,
די טיף פון באַרזשע־שיף ווערט העלער.

די פישער־לייט, אין גראָבע יאַקעס,
אין שטיוול גומענע און שווערע,
מיט רויטע פּענימער ווי ראַקעס,
צעוואַרפן פאַנג אין קערב די לערע.

און הייבערס שווינגען נאַסע קערב
אַריין אין טוכלע, גראַמע קעלטערס
און שיקן ווערט מען ערשט אין האַרבסט
אין שטאָט די פיש, אַ קאָפּ פאַרעלטערט . . .

נאָר קאַפּיטאַן פון שיף האָט ניט פאַרגעסן
אַהיימצוברענגען מאַקאַרעלן
צום מיטאָג היינט, פאַר אונדז צו עסן,
אין רעסטאָראַנדל, צווישן יעלן.

דאָס ברייטע ווייב זיינס שפּייזט די געסט,
וואָס קומען אָן אַהער זיך ווײלן.
עס זיצט דער קאַפּיטאַן מיט אונדז און עסט;
די פּיפּקע זיינע רויכערט זיילן.

די באַלעבאָסטע שמייכלט זיס:
„איז אייך דער מאָלצייט היינט געפעלן?"
עס ברומט אַרויס דער קאַפּיטאַן: „עס איז
שוין, מוטער, צייט דעם וויין צו שטעלן."

ער גיט אַ לאַך אַזוי פֿאַרהוילט
און זי — זי העלפּט אים הילכיק אונטער.
ער שטעלט זיך אויף און גענעצט פֿויל
און נאָכאַמאָל און ביז אַרונטער.

— עס האָבן אויך באַ אייך געקראַכט די בענק,
ווי דאָ באַ אונדז אין שטאָט פֿון פֿינען?
ס׳ווערט, גוטער פֿריינט, צו לעבן ענג,
מ׳קען זיך ניט קיין פּלאַץ געפֿינען.

— איך זאָג: בויאַרקער לייט, איר קלוגע לייט,
איר וואָלט געדאַרפֿט די בענק־לייט ווייזן . . .
איך וואָלט אַריינגעוואָרפֿן זיי גאָר ווייט
אין אָקעאַן, פֿאַר שאַרקס צו שפּייזן.

פֿאַרטיפֿט אין רייד, געקרייזט די אינדזלען האָבן מיר,
ס׳האָט מאָטרשיפֿל זיך געקאָכט צום שטאַרקסטן.
דער קאַפּיטאַן שטודירט געהאַט האָט קעניג ליר,
נאָר ס׳ערשטע מאָל געהערט אַצינד פֿון מאַרקסן . . .

איך האָב דערפֿילט, אַז ס׳האָט דאָס לענין־וואָרט
אין פֿעלז פֿון מעין אַריינגעדרונגען.
עס אַנקערט קאָמוניסט אין יעדן פּאָרט.
עס האָבן מיינע טעג געזונגען.

# אַ נאַכט אין מעין

(פּאָעמע)

1. אָפּפלי

עס האָט צעריטשעט זיך דער סאָב־עקספּרעס,
פאַרשפּאַרט מיך אין וואַגאָן—דערשטיקט צו ווערן.
די האַנט בלייבט הענגען שטייף—ווען ס׳טרעפט אַ נעס,
ווערט ווידער זי צו מיר געהערן . . .

עס שמעקט מיט ברודיק לייב, מיט שווייס;
מע פּאָרט פון שאַפּ מיט דרימל אין די אויגן.
די רעדער רייטן טיף אין קאָפּ. ס׳איז הייס . . .
טאָ בין איך מיר אַזוי אַוועקגעפלויגן, —
אַוועק פון פויקער אייביקן — נויאָרק,
צום הירשן־אינדזעלע, אין שטילן מעין;
זיך אָפּרוען פון שווערער מי און זאָרג
און זיין אַליין . . .

2. אָפּן אינדזל

אַליין אין דעם פאַרלאָזטן קעבין,
אין סאָסנע־וואַלד, אַף פעלז, באַם יאַם,
וואו מאָך איז ווייך, ווי וואָל פון לאַם;
וואו אין שפּאַלטן שפּינען זיך געוועבן,
און אַף די פעלזן ליגן קרעבן.
ס׳איז שטיל אַזוי, אַזש צום פאַרטויבן,
בלויז מעוועס — ריזן־טויבן,
זיך קריגן אויבן, אויבן —
און טייטלען שנאָבלען צו דעם קעבין . . .

3. שאָטנס

פון אַלע זייטן זייַנען זיי געקראָכן
אױף אַלע פיר,
געטרעשטשעט האָבן זייערע קנאָכן
פון יעדן ריר.
פון געדיכטן וואַלד
זייַנען באַלד
זיי אַרויס.
שטום
אַרום
הויז
געטאַנצט בעסאָד
אַ קאַראַהאָד.

4. אַ סאָד

אַראָפּגעצויגן האָט דער וואַלד
די שטאָרן ;
ס'איז קאַלט
געוואָרן.
ס'האָט דאָס לעבן
אָטעם איינגעהאַלטן,
כ'האָב אין קעבין
זיך באַהאַלטן.
אונטן — כוואַליעס
זיך פּאָכמאַליען.
יעדן איינעם האָט
אָנפּאַרטרויט אַ סאָד
באַזאָכט
די נאָכט.

5. צינזן

שטאָק־פינצטער איז דער אינדזל.
איז צאָל איך איצטער צינזן
פאַר פרייד פון טאָג.
איך פאַרמאָג
אַזויפיל רו, —
קומט די נאַכט און נעמט זי צו.
ס'איז שווער
זיך טאָן אַ קער
אין דרויסן,
זיך אָנשטויסן
אַף שוואַרצע פינגער,
וואָס מאַניען, בעטן.
איך וויל ניט לאָזן גלעטן
זיך פון קאַלטע צינגער.
איך זאָג:
ניטאָ די פרייד פון טאָג.
אַף יעדן שפּאַן
פייקלט מאַנאַטאַן
און וועקט
און שרעקט
און וואַכט —
די נאַכט.

## 6. געסט

אַז ס׳האָבן זיך בייזער געקייקלט די כוואַליעס
און ווינט האָט געדראָט מיר מיט בייטשן פון נאַכט,—
האָט שלאָף זיך פאַרבויגן פאַר מיר ביז דער טאַליע,
אַרוס דורכן פענצטער און פרעך זיך צעלאַכט.

מיטן ווינטס בייזן ברומען
זיינען פּלוצים יאָרן אָנגעקומען,
אַ רעגע בלויז —
און אויס . . .

. . . איך בין אַלט ערשט ניין
און ס׳דריקט שוין הונגער־פּיין,
ס׳איז דאָ אַ לאַבן ברויט
פאַר לעבנס זיבן,
עס איז אַ גרינגע שויט
פון נעכטן נאָך פאַרבליבן.
ניטאָ קיין פּוטער,
עסט מען טרוקן,
עס ווילט זיך ברויט
אין מויל ניט רוקן.
ניטאָ קיין קויל,
ניטאָ קיין נאַפט;
די פינצטער גרוילט,
די נאַכט זי גאַפט.
. . . דאָקטער שטייט באַם טאַטנס בעט,
שאָקלט מיטן קאָפּ.
מיין שוועסטער זעט —
און טרערן: טראָפּ, טראָפּ . . .
דאָקטער זאָגט: „לויטער הויט!
יאָ, יאָ, די נויט!

## 7. מער געסט

די וואַסערן אָן אינדזל זיך שוימען,
שטאָק־שוואַרצקייט פּאַקט אָן די רוימען.

. . . כ׳פאַרלאָז מיין היים — אַ אינגל קליין און דאַר,
ס׳לויערט אַף מיר די הונגער־געפאַר.
מיינע הענט געפינען „גליק״ —
איך אַרבעט אין פאַבריק.

באַ זאַמד־מאַשין
דער שטויב איז דין ;
מיין האָר איז ווי אַ שפּין,
מיין האָר איז רויב —
די פויסט איך הויב.

## 8. סטאַנציע

ס׳ציט דערוואַכטער וואַלד אַרויף די שטאָרן.
. . . עס קומען אַנטקעגן שוין ליכטיקע יאָרן.
אַרבעטער־פויסטן זיך ביילן,
גרויע באַקן ווערן הייטער,
זינגער קוילעס שאַלן,
פאָרויס — אַ רויטער רייטער.

ווי מיט יונגע פינגער פייקלט ווער אין טיר :
זשמעניעס פרייד געבראַכט פאַר דיר ;
אַרויס, אַרויס, אַרויס,
דער טאָג איז גרויס.

די זון אַףביימער־שפּיצן גליט ;
עס זינגט און קלינגט דער וואַלד־יאַריד.

עס רייטן די רעדער, עס יאָגן די באַנען,
עס שטורכען עלנבויגנס ווי שטעכערס ;
אַ שפּאַרן זיך, אַ צאַמלאָז שפּאַנען.
פון אויבן קרייזן שווערע פּעכערס,
ווי דראָענדיקע פליגל.
נויאָרק האָט מיך פאַרריגלט.

# פלאַנצן

(דעם אָנדענק פון סאָרע מאַרמאָר)

דער שניי אַף דער ערד האָט געוואונקען
און שעלמיש געלאַכט פון באַגינען.
געבלענדט פאַרן אויג האָבן פונקען
די ווייסע מיט פעדימער דינע.

אַ מענטש איז זיך זאָרגלאָז געגאַנגען
און ס׳האַרץ פונעם שניי דורכגעלעכערט;
די פרייד איז געוואָרן געפאַנגען
פון ברודיקע, פלאַטשיקע שטעכערס.

געלעבט האָט אַ מענטש זיך געלאָסן,
געזויגט פון דער ערד אַלע נויטן.
דאָס לעבן געריסן האָט פאָסן,
זיך אויסגעבערענט האָבן די קנויטן.

דער טויט האָט מיט עגבערס געבויערט,
נאָר ס׳האַרץ איז געבליבן אינגאַנצן.
פון טיפן, געלייטערטן טרויער
געשפּראָצט האָבן רייפער די פלאַנצן.

# ווינטן

געטריבן פון סווישטשענדיקע בייטשן
לויפן זיי צעדולטע אום און קוויטשן
און וואַרפן אָן אַ פּאַכעד אַף קראַנקע קינדער.

וואָס יאָמערן זיי אַזוי, די בלינדע ווינטן?
זייערע קוילעס דרינגען טירן דורך
און בעטן שוץ פאַר זיך
אין שטיבער וואַרימע.

זייער קוויטש איז דין און הויל
און זאָגט אַ סקרוכענדיקע בסורע אָן
פון וויסטן מידבער און נאַקעטן טויט.

ווער וויל דען אויסהערן
יעלאָלעס פון עלנטע ווינטן,
אַז מע מוז פון אייגן געוויין
די אויערן זיך פאַרשטאָפּן.

וואָיעט ניט אונטער אונדזערע שויבן, ווינטן,
און דראַפּעט זיך ניט אַף אונדזערע לאָדנס, אין באַשיץ.
מיר זיינען טויב צום אייגענעם וויי.
אויך איבער אונדז קנאַלן בייטשן.

# אַף אַ נויאָרקער פּערי, אין אַ נעפּל

טומאַנען־טרובעס ברומען אויס אַ טרויער
און וואָרנען, אַז דער סוינע־נעפּל לויערט.
די שווערע האַפּן־גלעקער פּלאַצן אויס אין כליפּענדיקן „בום!“,
באַוויינענדיק דעם מעס — דעם פאַרגלייזטן אַרום.

די פּערי גליטשט זיך שטיל און לאַנגזאַם אָפּ פון ברעג
און רוקט איר קאָפּ אַריין אין גרויען, בלינדן וועג.
דער נעפּל שפּרייט צו איר די ווייכע לאַפּעס אויס
און פירט מיט איר די שפּיל פון קאַץ־און־מויז.

און מאַכטלאָז איז דער שטאָלצער שטאַרער־קאַפּיטאַן,
וואָס נעמט באַפעלן איצט פון „יאַם־הונט“ שנאַפּער.
דער אַלטער טאַם, וואָס איז אַ פּראָסטע פּערי־האַנט,
איצט קירעוועט די שיף אַרויס פון נעפּל־לאַפּעס.

די פּערי טאַפּט און שנאַפּט געפּאַר,
ווי אַ בלינדנס שטעקן אַפּן טראָטואַר.
עס וואָרגט אַ שווייגנדיקער דער טומאַן
דעם שווימענדיקן, סאָפּענדיקן קאַראַוואַן.

און ס׳גאַנוועט זיך די שיף גלאָצנדיק און בלינד
דורך גרויע ווענט פון נעפּל־לאַבירינט.
זי הערט דעם ברום פון טרובעס צאָרן
און לאָקערדיקן רוף אין שאַל פון האָרן.

ס׳איז נאָענט שוין די היים, דער „סקאַי־לאַין“ פונעם ברעג,
נאָר פאָרמלאָז גרוי פאַרשטעלט געגאַרטן וועג.
עס הערט די שיף דעם שפּאַלט פון גלעקער־„בום!“
דאָך שטאָק־פינצטער איז באַהאַפּנטער אַרום.

די שיף צעגייט זיך אין אַ לאַנגגן ברומען:
„נויאָרק, וואו, צום טייוול, ביסטו עס אהינגעקומען?“

# ה י י נ ט

עס ציטערט ניט די האַנט באַ אונדזער גלייכן,
עס שלאָגט ניט מערער צאָן אָן צאָן,
ווען ס׳נעמט געפאַר פון אַלע ווינקלען שלייכן
און שאַרט זיך גלייך צום אויבנאָן; —

מיר ריכטן זיך אַף איר און ווערן מונטער,
מיר גיבן „שאָלעם" דער געפאַר . . .
ווען ס׳פאַרבן האָריזאָנטן זיך אין צונטער,
דאַן גיט זיך ברוסט פאָרויס אַ שפּאַר.

ווייל היינט איז האַרט און סוינע דראָט אַלץ האַרטער
און זיין פאַרמעסט אַף אונדז — איז טויט.
געשלאָגן האָט די שאָ צום פוסטן וואַרטן,
און בלוט איז רויטער נאָך פון רויט.

ס׳איז צייט פאַר שלאַכט. ניטאָ וואָס צו פארלירן:
פאַרטיליקט ווערן מוז דער פיינט.
מיט יעדן אָטעם־צוג צום זיג דערפירן
מיר וועלן זיך אַ נעם טאָן היינט.

# ס׳איז דאָס לאַנד

נאָך אַ נעגער געלינטשט אין די שטאַטן פון דאָרעם,
נאָך אַ סטרייק־פירער פאַרפייניקט אין זוניקן קענטאַקי.
דער ריכטער פון שטאַט גייט מיט מערדער געאָרעמט
און פאַרשימלטע ליבעראַלן קוואַקען און קוואַקען . . .

באַנקיר און געזאַלבטער, געזעץ און רעדאַקטער —
איין הויך־ציוויליזירטע, כאַיעשע באַנדע.
געררויבט פונעם פויער זיין ברויט און זיין טראַקטער,
די נויט פונעם לוין־שקלאַף — אַריבער די ראַנדן.

ס׳איז דאָס בלוטיקע לאַנד פון די „פרייע און בראַווע״,
וואו עס הענגען אַף פרוכטבאַרעביימער די נעגערס;
וואו עס ברויזט נאָך טיף אין וואולקאַנען די לאַווע,
וואו עס פאַלט פון די פיס שוין דער ריז, דער טרעגער.

עס מאַרשירן צוזאַמען דער טויט און דער הונגער,
ס׳שטייען אין רייען די הימל־קראַצער און ערד־שטיבער
און אין אַלע ראַדיאָס ווערט איין לידל געזונגען —
דאָס לידל פון גלייכהייט און מענטשן־ליבע . . .

עס שרייט אַף די גאַסן דער הונגער פון קינדער,
עס וואָיען פון שטיבער די ליידיקע טעלער;
עס פרעסן און זויפן, ווי געקעכלטע רינדער,
די רייכע, און טאַנצן אַף „טשאַריטי״־בעלער . . .

נאָר מיר, מיר דרייען אַרום זיך און קריצן די ציינער,
פון אויג פליען פונקען און עס שטאָלן זיך פויסטן.
מיר וועלן גרייט זיין, גרייט זיין, אַלע ווי איינער,
אין טאָג דעם געגאַרטן, אין טאָג אויפגעברויזטן . . .

## אַמעריקע, 1934

זיי שטייען גרופּנווייז מיט לאָפּעטעס און לאָמען
און קיצלען, נוצלאָזע, די טויטע ערד.
זיי פּלאָגן זיך דאָ שטומערהייט צוזאַמען,
וואו בעטל־ברויט איז אַלעמען באַשערט.

מע האָט זיי אויסגעשטעלט אַף סקווערן און אַף גאַסן, —
זאָל אוילעם זען, ווי ס'זאָרגט פאַר אָרעמע דאָס לאַנד.
די אויגן — האַרט, די נעזער — רויטע, נאַסע . . .
ווער דאַרף אייך דען ? נו, שטייט צו שפּאָט און שאַנד.

עס שטייען מאַשיניסטן, אינזשענערן
און „הענטלעך גאָלדענע״ פון יעדן פאַך,
זיי שאַרן בלעטער האַרבסטיקע אַף סקווערן
און יעדער בלאַט דערמאָנט אין זייער קראַך.

ווער ס'טראָגט אַ גוטן מאַנטל נאָך פון „יענע״ צייטן,
און ווער אין זומערדיקן רעקל פרירט.
עס דוכט זיך זיי: מע קוקט פון אַלע זייטן,
צי קריכן זיי ניט דאָ אַף אַלע פיר . . .

דאָס לאַנד איז רייך. פאַרוואָס דערלאַנגט עס בעטלער־שטעקנס,
צו זיינע האָרעפּאַשנע בויער־הענט ?
ניט בעטלען וועט דער שטעקן, נאָר דערשרעקן
פאַר אים זיך וועלן רייכע שפּייכלער־ווענט.

דער זון פון לאַנד וועט אויסרייבן די אויגן,
אַ טאַפּ טאָן שטייפן מוסקול און דערשמעקן מאַכט.
ער וועט זיך מער צו בעטל־ברויט ניט בויגן,
ער וועט צעקראַכן די, וואָס האָבן אים צעקראַכט.

# וועלף

וואָיען סטאַיעס וועלף אַף טראַטואַרן,
הונגער שטשירעט אויס די געלע ציין.
און צו רייצן אַפּעטיטן באַ האַרן
שיסט פון פלעשער פריילעכער שאַמפּיין.

קינדערשע שוואַרצאַפּלען שטומע שטאַרן;
טשאַטען וועלף אַף בעסטן ביסן — ביין.
דאַמעס נייע פאַרגעניגנס גאַרן, —
אַנגעוואָרן האָט די וועלט איר כיין...

טאַנצן פאַלקעס אויסגעפּוצטע נאַרן;
קינדער קענען אַף די פיס ניט שטיין.
וואָיען סטאַיעס וועלף אַף טראַטואַרן,
הונגער שטשירעט אויס די געלע ציין.

# צום פויקער

פויקער, פויק
און זעץ — צום פּלאַצן!
ווער עס טויג,
דעם וועט מען שאַצן.

רונד אַרום
די ציין זיי שטשירן;
ווער ס׳איז שטום,
דער וועט פאַרלירן.

טויזנט יאָר
איז וועלט געפּאָפּן,
דאָר נאָך דאָר —
געוועזן באַזאָפּן.

וויפל קראַפט
עס וועט נאָר קלעקן,
שאַף די האַפט
זי צו דערוועקן.

פויקער, זעץ!
צעזעץ די מידקייט,
רייץ און העץ
די טויטע פרידקייט.

האַריזאָנט
זאָל פלאַמען צונטער;
אויף, צום פראָנט,
ניט גיב זיך אונטער!

טרער פון אויג
שלאָגט ערד מיט צאָרן,

טרערן־פּויק
איז ערד געוואָרן.

רויבער־ראַק
צעפּרעסט די וועלט.
פּויקער, קנאַק —
ניט אָפּגעשטעלט!

וואונדן בלויען
אַף די ליפּן;
קראַנקע וואָיען,
ריטשען, כליפּן.

ס׳גליט דאָס אויג,
ס׳פיבערט נאַכט;
ברויז — צעפּויק,
שרעק — צעקראַך!

ס׳ציטערט לופט
פון געטרייסל,
פּויקער־גוף
אָטעמט הייסער.

נאָר ניט פאַל
אַראָפּ אָט דאָ.
פּויקער, שאַל,
דערגרייך די שאָ.

פּויקער, פּויק
און זעץ — צום פּלאַצן.
זיגער־אויג
דיין ווערט וועט שאַצן.

# הונגער-ליד

ניט געברומט האָט מוירעדיק דער שטורעמווינט,
ס׳האָבן ברויט געפאָדערט ווייב און קינד.
זיינען אַרבעטער געגאַנגען זוכן ברויט,
האָט באַגעגנט זיי דער הונגער־טויט.

זיינען טישן פול מיט שפּייז געשטאַנען גרייט,
האָבן באַלעבאַטים זיך געפרייט.
האָבן אַרבעטער פון ווייטן ציין געקריצט,
האָט אַ צאָרן זיך אין אויג צעבליצט.

ניט געברומט האָט מוירעדיק דער שטורעמווינט,
ס׳האָבן ברויט געפאָדערט ווייב און קינד.
ס׳האָבן באַ די טישן רייכע זיך געפרייט —
זיינען אַרבעטער געשטאַנען גרייט.

# אינדערהיים

דער טאַטע איז אַריין אין שטוב אַ שווערער און אַ שטומער,
די קינדער האָבן רויש פון פרייד אין זיך דערוואָרגן.
דער מאַמעס בליק האָט זיך דערשראָקן פון זיין קומען:
אין קאָן געשטאַנען איז דער סוידעסדיקער מאָרגן.

באַם טיש געשמועסט האָבן שטיפערישע אויגן,
ס'איז גאָפּל־מעסער קלאַנג געוואָרן העכער, פרעכער.
דער מאַמעס קאָפּ — אין שיסל איינגעבויגן,
דעם טאַטנס בייזער בליק האָט דורכגעבויערט לעכער.

— ניטאָ קיין אַרבעט מער? — האָט מאַמעס קאָל געציטערט.
באַ קינדער זיינען מיילער רויט געוועזן און אָפן.
— כ'וועל גאַסן מעסטן איצט — געברומט האָט ער פאַרביטערט:
זיין וואָרט האָט מאַמען ווי אַ שווערער שטיין געטראָפן.

ס'האָט שטילקייט אַלעמען גענומען פלוצלינג שטיקן.
די קינדער האָבן זיך געשלייכט, מיט טרייסט, צום דרויסן.
עס האָט זיי נאָכגעפאָלגט דעם טאַטנס שטאַרע בליקן,
ס'האָט מאַמען ווייי געטאָן פון שטיין דעם שווערן, גרויסן.

# היים-אידיליע

— פרעזידענט רוזוועלט וועט . . .
— גרויסער קליידער אויספאַרקויף . . .
— אַ נאַכט נאָך דער כאַסענע האָט זי . . .

**ס'ציט פון ערגעץ־וואו אַ צוג.**
**פאַרמאַך ס'פענצטער. ניט אײַנגאַנצן.**

**אַ—אָ! מ־י־ד . . . כ'קען קיין צייטונג ניט איבערלייענען.**

**הער נאָר, הער, ווי סע וואָיעט אין דרויסן!**
**אַן אווירע אַ הונט אַצינד אַרויסצולאָזן.**

(דאָס הויז וועט אײַנפאַלן פון דעם ווינטס קאַנאָנאַדע)

**אַ מעכאַיע וואָס ס'איז דאָ געגוג סטים.**

(ווי ס'גאַלאָפּירן אַנגעדראַלטע, דראָענדיקע כוואַליעס
אָפּן מידבערדיקן יאַם, —
וואַרפט דער ווינט זיך מיט געבול אָפּן פענצטער.
וואָס האָבן מיר אים דען געטאָן ?)

**אַי, ווי גוט ס'איז איצט אין הויז צו זיצן!**

(סע שניידט אין דרויסן מיט דינע, סווישטשענדיקע ריטער,
וואָס קאַטעווען דאָס הוילע לייב)

**זעסט די ווייסע, פאַרפראָרענע וואָלקנס?**
**עס קומט אַ שניי. מירן מאָרגן האָבן שניי.**

(צו שטיין אין ברעדליין איצט אין דרויסן
און אָפּגעגאָסן ווערן פון ברי דעם טרוקענעם פון ווינט;
אַרומבלאָנקען אָן אַ מאַנטל איבער גאַסן איינזאַמע און הוילע;
פרירן לאַנגזאַם אין אַ היימיש־לופטיקן „פלעט";
דרעמלען איינגעקאָרטשעט אין וויכערדיקן סאָבוועי)

**ביסט אַ מייזון, ווי סע וואָיעט?**
**שטעל אָן די ראַדיאָ און**
**מאַך אַ גלעזל טיי מיט דזשעלי.**
**וואו זיינען מיינע שטעקשיך?**
**אה—או! שלאָפן ווילט זיך . . .**

# סאָנעט

(העלאָן)

דער באַלעבאָסטעס לעצטע, מידע טריט;
דער שאָרך פון ווייכע, טרייע קליידער —
און שטיל עס ווערט אין יעדן ביידער.
אַליין באַם פענצטער, בלייב איך זיצן מיד;
אין דרויסן שטערט די שטילקייט קיינער ניט;
איך הער זיך איין אַזוי קעסיידער,
ווי ס'סוידען זיך די ווענט פון כיידער
און ווי עס וועבט די רו איר אָוונט־ליד.

פאַרפלאָנטערט האָט מיך אימעצער אין וועב.
איך זיץ אַזוי אַ שווייגנדער און שוועב
אין שטילקייטס רוים און וואַרט אַף וואָס און הער.
עס רוט די גאַס. עס שלאָפט דאָס מידע הויז.
נאָר מיר דערציילן ווענט פיל סוידעס אויס.
איך הער זיך איין אַזוי, — און ס'ווילט זיך הערן מער.

# נאָך דער אַרבעט

אַזויפיל לעבנס־פאַרב פון פּאָנים האָט היינט שאָפּ גערויבט;
אַזויפיל קויכעס פון די ביינער אויסגעזויגן.
הענגען איצטער הילפלאָז אָדערדיקע הענט אַראָפּ;
פּאָלגן ניט די מאַטע פיס דעם מידן קאָפּ;
„שטאָ קיין קויעך מער״, באַקלאָגן זיך די אויגן.

ס׳גרילצט די פרעכע גאַס און האַרט איז טראָטואַר.
„אַהיים, אַהיים!״ איז דער געדאַנקען־יאָג.
אַזויפיל פּענעמער פאַרצאָגט און שלעפעריק און קוואַר, —
איז דאָס דער בעסטער לוין פון אַרבעטס־טאָג?

פאַר וועמען גיב איך אָפּ די שיין פון זון?
פאַר וועמען היינט אַרויסגעיאָגט דעם אימפּעט פונעם לעבן?
וואָס וועט מיר דען אַרויסקומען דערפון,
ווען כ׳וועל דעם באַלעבאָס שוין האָבן אַ ל ץ געגעבן?

דער טאָג איז אויס. עס וואַרט דער טרייער פריינט — דאָס בעט.
איז דאָס דער סאָף פון טאָג מיינעם, מיין שטרעבן?
איך לעב ערשט אויף. דער קאָפּ איז וואַך. מע וועט
זיך טרעפן באַלד אין זאַל און אַן ענטפער געבן.

# סאָנעט צו אַ מאַרטירער

(פאַר כאַוועד באַרלאָו, דיסטריקט אָרגאַנייזער פון
קאָמפּאַרטיי אין טעקסעס, פאַרפייניקט אין טורמע,
סעפּטעמבער, 1933)

דו האָסט אין לעצטן קריג באַגעגנט טויט,
ער איז געווען צו־גאַסט אָפט אין טראַנשיי.
נאָר דיך געטויט האָט איצט די פּאָליציי
פון לאַנד, וואָס האָט דיך ניט באַלוינט מיט ברויט.

דו ביסט אויפסנײַ אַרײַן אין קריג — מיט נויט;
געהערט פון הונגער ביטערן דעם וויי
און זיך געשטעלט אין פאָדערשטדיקער ריי;
דײַן צאָרנדיקע פויסט געדראָט האָט רויט.

האָסט אויסגעשאָלט דעם שקלאָפן־רוף פון לאַנד,
פון אייגן לאַנד, וואָס האָט צופיל
פון אַלעם, נאָר ניט פאַר אָרעם קינד.

האָסט אויפגעלעבט אין נײַעם קריג. נאָר האַנט
פון סוינע־האַר האָט דיך געפּאַקט. דײַן ציל
וועט אָבער איצט דערגרייכט ווערן געשווינט.

# ל ע נ י ן
(באַלאַדיש)

אַף איינזאַמען באַרג־שפּיץ אין די קעטסקילס
געפאַנגען פון פּראָלעטאַרישער קרענק, —
איז אַ אידישער שניידער געלעגן
און נאָך דער פּיקעט־ליין געבענקט.

פּאַציענטן צעקלעפּט האָבן בילדער
פון אַלטע זשורנאַלן און בלעטער;
בילדער פון לעכצנדע לוסטן
פון ביליקע העלדן און רעטער.

נאָר איבערן בעט פונעם אידישן שניידער,
אין אַ רויטן פּאַפּירענעם רעמל,
געשטורעמט אַ פעסטער האָט לענין,
געטורעמט האָט וואַנט זיך פון קרעמל.

דער פיבער געווען איז אָן אײדעס
פון קראַנקנס יעטוועדער רעגונג.
דער אידישער שניידער געאָטעמט
האָט בלויז מיט דער לינקער באַוועגונג.

גערעדט האָבן אַלע פון ווייבער און קינדער,
געטרייסט זיך מיט יאָסלען און דזשענין —
די איינציקע טרייסט פונעם אידישן שניידער
געווען איז דער אָנזאָג פון לענין.

# לענין רייען

„מיר האָבן אַן אַרמיי פון קאָמוניסטן אין יעדן טייל
פון דער וועלט״.

(פון לענינס אַ בריוו צו אַ דייטשישן
אַרבעטער אין 1921)

זיי שטייען הונגעריקע און פאַרפראָרענע
אין רייען, וואַרטנדיק אַף ברעקלעך פון די זאַטע,
נאָר צווישן בליקן שטאַרע און פאַרלאָרענע,
ביילן פויסטן שוין זיך ניי־געבאָרענע.

עס גרייט זיך אָפּגעצערטער פּראָלעטאַריער,
וואָס האָט אין לענינען דערפילט אַ כאַווער.
עס וואַרט אַ וועלט, וואָס בעט זיך: קום און נעם,
באַפריי פון קלעם, צעפּרעסענעם פון זשאַווער.

פאַר יעדן בעטנדיקן ווײ־געשריי,
פון האָריקע, פאַרהאָרעוועטע הענט,
איז דאָ אַ שטאָליק־פעסטע לענין־ריי,
וואָס שטורעמט סוינעס וואַקלענדיקע ווענט.

## צום זיג (מאַרש)

עס הערט זיך אַ מעכטיקער רוף אומעטום
פון אַרבעטער־קעמפּער, פון שלאַכטיקן פעלד,
אַ רוף פון אַרמייען, אַ צאָרנדיק געברום
צעטראָגט און צעשפּרייט זיך אַרום און אַרום:
„מיר וועלן צעשטערן דעם פיינט אומעטום,
מיר וועלן באַפרייען, באַנייען די וועלט“.

דאָס לעבן איז ביטער, דער היינט — אַזוי האַרט,
דער נעכטן געבראַכט האָט אונדז הונגער און נויט.
די קעמפּער געטרייסטע אין טפיסעס פאַרשפּאַרט,
די הענט האָרעפּאַשנע באַרויבט און גענאַרט.
נאָר ס׳ביילט זיך די פויסט און דערצאָרנט זי וואַרט
צו הייבן די פאָן, וואָס וועט פלאַטערן רויט.

פאָרויס, פּראָלעטאַריער, פון שאָפּ און פאַבריק,
אין שלאַכט מיטן סוינע, קיין שפּאַן ניט צוריק!
ס׳ווערן די מאַסן באַפרייט.

עס שפּאַנען פון דאַנען, פון נאָנט און פון ווייט
די קעמפּער די בראַווע צום זיג.
עס ווערן די אַרבעטער־שקלאַפן באַפרייט.

מיר שפּאַנען פון דאַנען צום זיג.
צום זיג, צום זיג פאָרויס!

# נעגער-אַרבעטער

די ציין פון שוואַרצן גלאַנצן פּערל־ווייס,
נאָר ס'איז זיין בלוט ווי פייער־רויט.
עס קנאַלט דעם טרייבערס בייטש, עס הילכט דער שמייס
אַף ברוינעם לייב און סמאַליעט טויט.

עס גרויט נאָך פון אַ לינטשעריי דער רויך,
עס קאָרטשעט זיך אין אַנגסטן גוף; —
דאָך איז זיין ווייס געלעכטער מוטיק־הויך,
און העכער נאָך — צום קאַמף דער רוף.

ווי מאַכטיק איז דעם שוואַרצנס אייזן־פויסט
און וויפל סינע ליגט אין איר צום האַר!
גערעכטער צאָרן זאַמלט זיך און ברויזט,
און אין געלעכטער זיינעם דראָט געפאַר.

די ציין פון שוואַרצן בלישטשען ווייס,
נאָר בלוטיק־רויט איז איצט זיין פאָן:
עס שפּיזט זיין בליק, און מאַכט איז אין זיין שפּרייז,
ער שטעלט די גאַנצע וועלט אין קאָן.

געברידערט שקלאַף מיט שקלאַף און ווייס מיט שוואַרץ,
דעם נעגערס פויסט ברויזט אויס געפאַר.
עס שלאָגט מיט קאַמף און גוואורע ס'רויטע האַרץ,
עס ציטערט הויט אַף רויבער־האַר.

# סקאַטסבאָראָ

איך האָב געזען די שוואַרצע מאַסע קניען
אין עקסטאַז פאַר יעזוסן דעם רעטער;
און אויגן גלאַציקע ניט אויפגעהערט צו גליען,
און הענט מאַזאָליסטע געשטרעקט זיך און געבעטן.

אָ, וויפל אונטערטעניקייט אַרויסגעזונגען
האָט פון זייערע „ספּיריטשועלס" די בלינדע;
אַזעלכע ברייטע פּלייצעס, באַסן־שטימען, ריזן־יונגען
האָבן זיך געשראָקן, ווי קליינע, קראַנקע קינדער.

איך האָב געזען דעם שוואַרצן — דזשעזן, טאַנצן,
פאַרווײַלנדיק דאָס ווײַסע, פּעטע באַלעבעסל;
דער שוואַרצער פייער אויסגעברענט אינגאַנצן
האָט פאַר רייכן שיקער אין קאַבאַרעטן־קעסל.

נאָר איצטער זע איך שוואַרצע ריזן־יונגען
רעוועגנדיק מיט ווילדן אויפגעברויזטן צאָרן,
דאָס ליד פון סקאַטסבאָראָ, פון קאַמף מיט הונגער,
וואָס איז געוועזן פאַרשטיקט אין בלוט אַזויפיל יאָרן.

די ווײַסע גרויסע ציין ניט ציטערן פאַר בייטשן־קנאַלן;
דער שוואַרצער דראָט זיין שטייפע פויסט דעם פיינט אין פּאָנעם.
ניט יעזוס־לאָרד, ניט „ספּיריטשועלס", ניט קוירים־פאַלן, —
נאָר סקאַטסבאָראָ־שאַל, דער אויפברויז־שאַל פון קאַמף מיט סאָנים.

# אין אַלאַבאַמאַ

.1

מ׳האָט געלינטשט אַ נעגער היינט באַ אונדז אין אַלאַבאַמאַ.
ס׳איז ווערט געווען אַ טאָלער אַ בילעט
בייצואוואוינען דעם ספּעקטאַקל.
און ווער עס האָט געהאַט די זכיה
דערשטופּן זיך צו אַ סואווענירו,
וועט האָבן צו באַרימען זיך פאַר קינדס קינדער.

געשען איז דאָס אַזוי:
די דריי־און־אַכציק־יאָריק אַלטע מויד,
די פרומע נעשאַמע, וואָס איז אַוואַדע נאָך אַ בטולה,
האָט זיך צעיאַכמערט אין מיטן העלן טאָג,
אַז אַ נעגער־יונג האָט זי געוואָלט באַמאַנען.
מע זאָגט אַפילע, אַז זי איז היבשלעך „דאָסיק"
און רעדט צו זיך אַליין די לעצטע צען יאָר . . .
נאָר וועמען אַרט עס?
ס׳איז לאַנג שוין שטיל געווען אין שטעטל
און נעגער־מאַלפּעס האָבן מיר דאָך — ליב דאָס לעבן!
ביפראַט נאָך איצט, ווען ס׳ווילט זיך דאַווקע זיי
ניט אַנדערש, נאָר מיט ווייסע ווערן גלייך.
מע זאָגט, אַז זייער חוצפּע דערגייט צו דעם,
אַז זיי פאַרלאַנגען גלייכן אַרבעט־לוין מיט ווייסע . . .

.2

[ו, ס׳האָט אַ שמעק געטאָן אין לופט מיט לינטש־געבראָטנס.
מע האָט אַ לאָז געטאָן די שפּיר־הינט צו דער בסולעס הויז,
נאָר זיי האָבן גאָרניט ניט געקענט דערגייך.
דער אוילעם האָט אַ לאַנגן זופּ געטאָן דעם „בוז"
און יונג און אַלט האָט האָפּערדיק באַרימט זיך:
ס׳וועט זיין אַ „נעקטאַי־פּאַרטי" היינט אין שטעטל . . .
מיט ביקסן און מיט שטריק,
מיט גראַבליעס און מיט בייטשן,
האָט זיך דער ווייסער אוילעם,
מיטן שעריף און מיט דער בסולע אין דער שפּיץ,
אַ לאָז געטאָן צום שוואַרצן שטאָט־טייל,
געפינען דאָרט אַ נעגער אַף צו לינטשן.

גערעוועט האָבן זיי, די שוואַרצע מאַלפּעס,
ווי כאַזיירים אינעם שעכט־הויז.
מע האָט געטריבן און געטרייבערט זיי,
געבוכצעט און געשמיסן
און אונטערגעצונדן אַ באַוואוינטע כורווע.

ביז ס׳האָט די אַלטע מויד
אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש און אָנגעוויזן
אַף אַ יונגן נעגער, שוואַרץ ווי קויל,
וואָס האָט געציטערט, ווי אַ בלאָט אין ווינט.
„איך שווער באַם גוטן האַר יעזוס קריסטוס,
אַז כ׳האָב קיינמאָל ניט באַרירט קיין פרוי".
נאָר ס׳איז געווען געגנוג.

דער שעריף האָט אַ ברום געטאָן:
„ניגער, דו קום מיט מיר אין דזשעיל
און הענגען וועט מען דיך געזעצלעך“.
אַזוי פאָדערט דאָס געזעץ פון לאַנד.
נאָר יעדער איינער האָט געכוויזעקט פון שעריפס רייד.
(און דער שעריף אַליין אויך, מיסטאָמע).
מע דאַרף ניט פאַטערן קיין שטייער־געלט פון שטאַט
צו הענגען אַ ניגער־הונט געזעצלעך . . .

.3

עס האָט אַ שמעק געטאָן אין לופט מיט לינטשעריי.
דער אוילעם האָט געטאָן אַ מורמל,
אינאָנהויב שטיל און העכער באַלד און שטאַרקער,
און ווי דער אויסברוך פון אַ שטורעם,
האָט זיך צעטראָגן קייקלדיק־געדונער:
לינטש דעם ניגער!
לינטש דעם ניגער!!

אַ שטופּן זיך, אַ שטויסן זיך פאָרויס,
אַ הייס־אָטעמדיק געדראַנג —
און יעדער פויסט
אױף נעגערס קאָפּ
און יעדנס שוך
אין נעגערס בויך.

עס איז געוואָרן נאַכט.
און מיט שטורקאַצן, ווי אין אַ וואַל־פּאַראַד,
געבראַכט האָט מען דעם נעגער אָפּן פרייהייטס־סקווער.
אַ שאָד געווען צו פּאַטערן דעם אַלטן עלם־בוים.
איינס און צוויי —
און ס'וויגט זיך נעגער אָפּן שטריק, ווי אַן אומרו.
און ווער עס קען דערשטופּן זיך צום בוים
מיט מעסערלעך, מיט שערלעך,
צי מיט בלויזע פינגער —
שניידט־אָפּ, רייסט־אָפּ, צעפּליקט
די אָווערראָלס און שטיקלעך פלייש פון נעגער;
מע צילט דעם אייוועך זיינעם אָפּצושניידן,
ס'וועט זיין אַ סואווענירן פאַר קינד און קינדס קינדער.

עס פלאַמט אַ פייער שוין אָף דר'ערד
און פלאַמען קיצלען נעגערס פּיאַטעס;
מע ברענגט אַ קענדל געזאָלין
און פלאַמען סמאַליען נעגער־לייב;
מע האַלט די קינדער הויך אָף פּלייצעס,
זיי זאָלן זען דעם זעלטענעם ספּעקטאַקל.
עס בראָט זיך נעגער־פלייש
און פרויען האַלטן צו די נעזער איידעלע;
באַ שוואַכע דרייט זיך דער קאָפּ פון דער געסראַכע.

.4

ס'ווערט שפעט. די פלאַמען צוקן שוין.
— אַ גוטע נאַכט, מיר טרעפן זיך אין קירך.
— איך קויף זיך מאָרגן אַ פּאָר שיך.
— לאָז גריסן אַלע היימישע.
נאָר דער, וואָס האָט געדולד און וואַרט,
ביז נעגער־פלייש איז שוין פון פלאַם צעגריזשעט, —
באַקומט דעם בעסטן לוין.
מע לויפט צום רויכערדיקן קוילן־גוף,
מע האַקט אַרויס אַ ווייסן גרויסן צאָן פון נעגערס מויל;
מע ברעכט די קרוכלע קנאָכן אָפּ,
ווי צווייגלעך פון אַ האַרבסט־בוים,
מע לויפט אַהיים מיט טייערן סואַוועניר.

מע וועט זיך טרעפן מאָרגן אָפן מאַרק.
— דו האָסט אַ שטיקל אָוועראַל, דאָס אַלץ?
דערפאַר האָב איך אַ שאָקאָלאַדנעם אויער . . .
— און אים האָט אָפּגעגליקט:
ער האָט געפּאַקט אַ צאָן!

אַ גוטן דזשאָב געמאַכט,
מיר שטעלן אונדזער שטעטל אָף דער מאַפּע פון דער וועלט.
עס קלינגט מיט אונדז דאָס לאַנד.
עס וועט אַן אוילעם קומען אונדז באַקוקן
פון נאָענט און פון ווייט.
יעס, סער. אַ גוטן דזשאָב געמאַכט.

# נאָרמאַן טיבאָדאָ דערציילט *)

כ׳האָב זיך קיינמאָל פאָרשטעלן ניט געקענט,
אַז כ׳וועל זיצן דאָ אַזוי מיט ווייסע, באַ איין טיש;
אַז כ׳וועל האָבן איצט אַזויפיל פריינט,
און מענטשן וועלן קומען הערן מיך אין זאַלן.

מיין כאַווער פרעדי מור איז טויט.
יאָ, ער וועט מיך קיינמאָל מער ניט הערן.
ווי שווער ס׳איז צו טראַכטן, אַז ער איז טויט;
ווען כ׳גיב זיך אַ דערמאָן, שטעלן זיך מיר טרערן.

אָט זע איך אים הענגען אָפן בריק-באַלקן,
אַ צעקיילטן, פאַרבלוטיקטן, פאַרפייניקטן.
ער דרייט זיך טויטערהייט אָף דער פעטליע —
און איך, אַ צאַפּלדיקער, הענג דערנעבן.

צוזאַמען קינדווייז געשפילט זיך, באַרוועסע;
די נויט האָט אונדז צעשיידט און טויט האָט אונדז באַגעגנט.
אַוועק איז ער צו ניינצן יאָר; אַ ווייב געלאָזן;
באַ מאַמען אָרימער געוועזן דאָס איינציקע פאַרמעגן.

עס האָבן „גוטע פריינט״ איר אָנגעזאָגט די בסורע:
„אָט קוק אַרויס, וועסטו דיין זון געפינען״.
זי האָט אַ בליק געטאָן פון פענצטער צו דער בריק,
דערזען דאָס בילד און אַרונטער פונעם זינען.

---

*) דער 18יעריקער נאָרמאַן טיבאָדאָ איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ לינטשעריי, וואָס איז פאָרגעקומען אין לואיזיאַנאַ, דעם 11טן אָקטאָבער, 1933. ער האָט פאַרן שרייבער דערציילט די אויבערשטע געשיכטע.

איך זאָג דיר, פריינט, איך קען עס ניט פאַרגעסן.
ער שטייט מיר טאָמיד פאַר די אויגן.
כאַדאָשים פיר פאַרביי, נאָר איך שווידער אויף קעסיידער;
אַז כ׳בין געבליבן לעבן קען איך זיך ניט גלויבן.

איך בין געקומען זען זיך מיט מיין באָבען;
געבענקט נאָך איר אַזויפיל יאָרן.
פון ניו־אָרלינס געשלעפּט זיך מיטן באָס צו איר.
נו, האָבן זיי אַ כאַפּ געטאָן מיך אין אַ ווילדן צאָרן.

„ניגער־קעלעוו, איז דיין נאָמען נאָרמאַן?"
„יאָ", האָב איך געזאָגט — און ס׳איז געווען גענוג.
שעריף ריטשאַרדס האָט דערלאַנגט דעם ערשטן זעץ אין פּאָנים,
און ס׳האָט מיין בלוט פאַרשטראָמט דעם ברוק.

מע האָט געשטאָכן מיך מיט מעסערס אין די זייטן
און געשניטן ס׳פּאָנים מיינס, ווי ס׳וואָלט געווען האָלץ.
„איך בין אומשולדיק!" האָב איך געשריען מיט אַלע קויכעס.
„ניגער־הונט, דו וועסט פאַרבויגן באַלד דיין שטאָלץ".

פאַרטראַכט זיך, פריינט, אַפילע אינגלעך האָבן מיך
מיט פעך־מעסערלעך געקראַצט, ווען כ׳בין געלעגן,
און פרויען געכראַקעט מיר אין מויל אַריין;
דאָס בלוט געטריפט פון מיר האָט, ווי אַ רעגן.

ס׳האָט די פּעטליע מיך אַרויפגעצויגן,
דעם גאַנצן אָטעם פון מיר צוגענומען.
איך האָב געפילט: עס קריכן מיר אַרויס די אויגן . . .
„איך בין אומשולדיק!" האָב איך געפרוווט נאָך ברומען.

. . . „לאָזט אים אָפּ! איך בין מיט אים געקומען פון ניו־אָרלינס.“
און ס׳האָט דער בריק־היטער אַ שניט געטאָן די שטריק.
איך בין געפאַלן אַף דר׳ערד, ווי אַ זאַק מיט ביינער.
דער שעריף האָט געזאָגט: „ניגער, לויף און קום ניט מער צוריק“.

איך בין געקראָכן אַף אַלע פיר צום צוקער־פעלד;
געזשווזשעט האָבן קוילן אַרום מיר, ווי מאַכנעס פליגן.
איך האָב זיך אויסגעצויגן אַפן פעלד. „ר׳איז טויט.“
און די לינטשערס האָבן דאָ געלאָזט מיך ליגן.

דו ווייסט דעם סאָף. עס האָט דער ווייסער שטיף־טאַטע
זיך מוידע געווען אין מאָרד פון מיידל.
נאָ, זע די שראַמען אַף מיין פּאָנעם, אַפן לייב . . .
און פרעדי מור האָט קיינער ניט פאַרטיידיקט.

איך זאָג דיר, פריינט, צוריק אין לואיזיאַנאַ
וואָלט איך געוואָלט איצט קומען און ווייזן זיי מיין האַס.
נאָר איך ווייס, אַז דאָס איז ניט דער וועג.
ס׳וועט געבן זיי אַ ווייסטן סאָף דער האָרעפּאַשנער קלאַס.

איך גרייט זיך צו. איך לערן זיך אַליין.
איך גיי אַהין, וואו ס׳זיינען אַרבעטער פאַראַנען.
עס הייבן אָן דעם קלאַסנקאַמף פאַרשטיין
די מאַסן פינצטערע פון לואיזיאַנאַ.

זיי וועלן שוין נעקאָמע נעמען
פאַר מיר, פאַר פרעדי מור און אַנדערע מאַרטירער.
איך פאָר אַרום און רעד פון שטאָט צו שטאָט,
איך לערן זיך צו זיין אַ קעמפּער־פירער.

# בלוי־גראָז

(אַנדזשעלאַ הוירנדאָן)

.1

דער פּולטאָן־טורעם אין אַטלאַנטאַ איז האַרט און שוואַרץ,
ווי צו אַ נעגער פון דזשאָרדזשיאַ דאָס ווייסע ריכטער־האַרץ.
פון אַלטקייט פוילט דער שטיין און ס'וויינען שימל־ווענט
און טוכלע שטינקט פון פונדאַמענט
ביזן שיפּן דאַך.
דאָך גייט דען ווער עמעצן אָן אַ סאַך,
אַז צווישן ווענט די שוואַרצע, גרויע,
גייט דער וואַנזין אום,
און פון דעם ווייי־געברום
הייבט אויף זיך פולטאָן־מויער ?

עס וואַרגט די היץ ;
עס פלאַדיען זיך מיליאָסן לייז ;
דער טרייער וועכטער ציילט די שמיץ
אין אַמעריקאַנער יושער־גייסט,
גיט אייטערדיקע וואונדן נאָך אַ צופּ, אַ ריס —
די אַלטע הור פאַרענדיקן ווערט סיי־ווי דער סיפיליס.

און עפּשער וואָלט דעם פולטאָן־מויער געווען באַשערט
צו טראָגן קרוין פון גרויל גאָר שטום ?
געקומען איז אַ נעגער־אינגל און האָט זיין „רום“
אַנטפּלעקט פאַר גאָר דער ערד . . .

.2

אַז אַנדזשעלאַ הוירנדאָן, דאָס נעגער־קינד,
האָט אין דער „ליליע־ווייסער" אַטלאַנטאַ
געעפנט אויגן, וואָס געווען זיינען בלינד
און הונגעריקע און אין טראַנטעס, —
צו דעם פּאַכעד פון די הערן, דאַמעס —
שוואַרץ און ווייס צוזאַמען,
אין הונגער־מאַרש געפירט,
צו פּעמפּענדיקע שטאַט־טאַטעס געפירט —
האָבן אויפגעציטערט ציין פון גאָלד
פאַר פויסט געשטאָלט.

.3

— אַ טויט דעם צויגן־זון דעם שוואַרצן,
דעם ניינצן־יעריקן פאַרשווערער!
געטראָפן דזשאָרדזשיאַ שטאַט אין הארצן —
ער האָט אויפגעוועקט די נויט פון קעלער,
דער גאַס פון מאַכט אַנטבלויזט
אַ געביילטע פויסט.

— דער נעגער־יונג וויל ווערן האַר
און הייסט זיך געבן ברויט צו זאַט!
עס כוואַליעט זיך די רויטע פלאַמיקע געפאַר,
עס שטייט אין קאָן דאָס גאָלד פון שטאַט!

.4

אַלן קלימפּערן די טשעין־גענג קייטן !
זאָל אים אָפּבראָטן עלעקטריק־שטראָם !
זאָל ער וויסן ווי צו גרייטן
אויפשטאַנד קעגן דעמאָקראַטיע־טראָן !

.5

„דער דזשאָרדזשיאַ שטאַט האָט מיך פאַרשפּאַרט,
ווייל הונגעריקע גייען אויס פון נויט,
און כ'האָב באַוויזן זיי דעם וועג וואו ס'וואַרט
אַ לעבן פול מיט פרייד און ברויט.

„איר קאָנט אַנדזשעלאָן דערשטיקן —
עס וואַקסן טויזנטער ווי ער.
זיי וועלן אייך פון קאַס צעפּליקן
און אָפּווישן פון דער ערד".

.6

צום ערשטן מאָל האָט דזשאַרדזשיאַ שטאַט
אַזעלכע גליענדיקע רייד געהערט,
פון נעגער־קינד, וואָס ציטערט ניט ווי אַ בלאַט,
נאָר ס׳ציטערט אונטער אים די ערד.

און ס׳וואַקסן אַנדזשעלאָס אַף דאַרעם־ערד,
ווי קענטאַקיער בלויע גראָז,
וואָס קיינמאָל ווערט עס ניט צעשטערט
און וואַקסט אַף צו לעהאַכעס יעדן באַלעבאָס.

פון פולטאָן־טורעם לייכט זיך ליכט
פון ביינצן־יעריקע מארטירער־אויגן.
זיי לאַכן אין פּאָנעם פון מערדער־געריכט,
זיי ווילן זיך ניט בויגן.

זיי ווייסן, אַז אַנדזשעלאָ באַלד וועט
דאָך ווערן באַלעבאָס,
איבער ערד סאָוועטישער,
אַף דאַרעמדיקן בלויען גראָז.

# הונגער-מאַרש

(צעשיאַן)

.1

זיי טוליען זיך צום שטיינערנעם אַספאַלט
און ראַיען זיך אין קאַנען מיסט.
ווען רעגן גיסט,
ווען נאַכט איז קאַלט,
שטרעקן זיך די אָדערדיקע הענט
צו די גרויע, גלאַטע ווענט.

פון די אויגן
אויסגעזויגן
יעדע קראַפט,
נאָר מען גאַפט
אין נעפּלדיקן רוים
און מען זעט א טרוים:
אויס מיט הונגער, נויט;
פאַראַן איז פּוטער־ברויט;
ס'איז פליש פאַראַן
און מילך אין קאַן,
און קליידער, שיך —
געקויפט זיך גיך.
ס'איז אַרבעט דאָ
אין גוטער שאָ.

נאָר וואו איז ווייב און קינד ?
דער טרוים פאַרשווינדט.
ווידער שפּאַנען זיי איבער גאַס
פּוסט און פּאַס.

הילפלאָז הענגען הענט אַראָפּ,
בויגט זיך קאָפּ נאָך קאָפּ.
טריט און טריט און טריט,
ווי אין קייטן געשמידט.

2.

עס האָבן זייערע הענט די הייזער געבויט,
נו, האָבן זיי איצט ניט צו עסן קיין ברויט.
עס האָבן זייערע פינגער אַ וועלט דאָך באַקליידט, —
נו, גייען אַרום זיי איצט באָרוועסרהייט.
זיי שפּאַנען און שפּאַנען,
ביז ווען און ביז וואַנען ?

.3

מאַרש, מאַרש, עס שפּרייזט
דער רויטער צאָרן־גייסט.
אָפּגעריסן,
אָפּגעשליסן
און פאַרביסן,
גיט צו וויסן
דער ברייטער גאַס,
אַז —
עס שפּרייזט,
מיט געברום
אין דעם קום,
דער רויטער צאָרן־גייסט.

מאַרש, מאַרש פאָרויס
מיט געשטרעקטער פויסט.
אָפּגעריסן,
אָפּגעשליסן . . .
מאַרש איז ריזיק,
אויגן שפּיזיק,
מאַסן־מאַכט פאַראַן
אין הערקולעסן־שפּאַן.

מער און מערער ווערן זיי,
ווער קען איצט דען שטערן זיי?
אַלץ וועט באַלד געהערן זיי.
מאַרש, מאַרש פאָרויס
אין צאָרניקן געברויז.

# די האָוווער דאַמב *)

(1400 אַרבעטער, וואָס בויען די האָוווער דאַמב, זיי־
נען אַרויס אין סטרייק. מיליטער איז געשיקט גע־
וואָרן צו צעברעכן דעם סטרייק.

(פון די צייטונגען)

באַזינגען וועט
דער הויף פּאָעט
אין קלינגענדיקן יאַמב —
די האָוווער דאַמב,
דעם שטאָלץ פון לאַנד.
געבראַכט צו שטאַנד
אין האָווערס צייט,
פאַר אייביקייט.

1.

אויף די וועגן פון לאַ וועגאַס,
אין נעוואַדאַ שטאַט,
דורכן גליענדיקן מידבער
שלעפּט זיך מיד און מאַט
אַן אַרמיי פון אַרבעטזוכער,
צו דער דאַמב פון פּרעזידענט.
אויסגעצערט און אויסגעהונגערט,
שטרעקן דורשטיק אויס די הענט:
„פאַרבט מיט אונדזער בלוט די דאַמבע רויט
פאַר אַ שטיקל ברויט“.

---

*) איצט באָולדער־דאַמב. די רוזוועלט אַדמיניסטראַציע האָט גע־
ביטן דעם נאָמען.

.2

אַף די וועגן פון לאָ וועגאַס,
פון דער דאַמב פון פּרעזידענט,
קערט זיך אום צוריק פון שלאַכטפעלד
אַן אַרמיי פון אַרבעט הענט ;
אַן אַרמיי פון פּאַליקע,
אַן אַרמיי פון קאַליקעס.

זעכציק אַרבעטער האָט פעלז צעדרויבט,
פופציק אַרבעטער האָט שטויב געררויבט
צוואַנציק אַרבעטער האָט היץ געטויט . . .

עס גליט
און בריט
דער פעלז־גראַניט ;
געהענעם־היץ ציט
אָטעם אויס,
שטרעקט צונג אַרויס.

.3

עס וועט די הואווער־דאַמב
באַוואַסערן אַ וועלט.
עס פאַלט אַוועק דער שקלאַף באַם דאַמב,
ווייל אַ טרונק אים פעלט.

די טעמפּעראַטור איז 128 גראַד,
די לופט איז הייס און דין...
קום, אַרבעטער, אין נעוואַדאַ־שטאַט,
קום אַהער, פאַרדין . . .
פאַרדין דיין טויט,
פאַרליר אַ לונג,
קום אום פון היץ,
צי אויס די צונג!
עס ווערט געבויט
די הואווער־דאַמב —
דער שטאָלץ פון לאַנד.

.4

1400 אַרבעטער, וואָס שטויב און היץ
האָבן נאָך ניט פאַרצערט,
האָבן אין דער הואווער־דאַמב
אַ סטרייק דערקלערט:

פאַר אַ קאַלטן טרונק,
פאַר אַ גרעסער שטיקל ברויט,
פאַר הילף אַ פונק
אין אומגליק־נויט,
צו קענען בויען די הואווער־דאַמב,
דעם שטאָלץ פון אונדזער לאַנד.

.5

אַף די וועגן פון לאַ וועגאַס
פלאַטערט שטאָלץ די פאָן פון לאַנד.
גייט אַרמיי פון אונדזער לאַנד
צו דער הואווער דאַמב, —
אָנצולערנען דעם סוינע בלאָסן,
וואָס פאַרלאַנגט האָט קאַלטע וואַסער,
באַ דער אַרבעט פון דער הואווער־דאַמב.

.6

אַף די וועגן פון לאַ וועגאַס
ווערט געבויט אַ מאָנומענט
פון שאַנד
צום פרעזידענט
פון אונדזער לאַנד:

אויסגעשטרעקטע צונגען,
צעלעכערטע לונגען,
צעהאַקטע פיס און הענט —
אַ מאָנומענט
צו אונדזער פרעזידענט.

# הויד־רעדנער אַפן סקווער

הויד־רעדנער שאַל אויף ראַשיקן סקווער!
פרייער און ווייטער צעטראָגט זיך דאָס קאָל;
קייקלט אַריין זיך אין ליכטיקע זאַלן
פון שטיין־רייכע פירמעס,
אַף שטאָקן באַקרוינטע מיט גאָלד, —
וואָרנט און דראָט זיי:
מיר וועלן אייך גרייכן!
דערגרייכן די טורעמס,
דערגרייכן די שלעסער
און מאָנען אַ כעשבן
פאַר געזעצלעכער גזיילע,
פאַר פאַרשניטענע לעבנס
פון טאַטעס און מאַמעס און קינדער,
וואָס האָבן געשטעמפּלט מיט בלוט
די פיל צאָליקע נולן פון אייער פאַרמעגן.

אַרבעטער־רעדנער אַף קעסטל, אין סקווער.
אַרום אים — פאַרוואָרלאָזטע הערער,
אַרום אים פאַרשמאַכטע און אָפּענע מיילער,
אַרום אים יונגוואַרג פאַרזאָרגט, מיט טרוים אין די אויגן.
קאָל פונעם רעדנער — אין טויזנטער קוילעס,
וואָרט פונעם רעדנער — דינאַמיט עקספּלאָדירטער,
שראַפּנעלן צעשפּליטערט אין רוים.
הויד־רעדנער שטורעם הילכט איבער סקווער.
האָגלט אין שויבן פון טורמעס־פאַבריקן,
פויקט אַף געמיטער דערשלאָגן פון נויט:
נייגט אָן אייער אויער,
הייבט אויף אייער קאָפּ!
מיר גרייטן צו אויפּפּראַל פון טויער,
וואָס צאַמט אייך;

מיר רופן אַרויס אייך
צו זון און צו זעט.
מיר ווילן אייך גרייכן, דערגרייכן:
דורך ווענט פון צעמענט און גראַטעס פון שטאָל,
דורך בליי פון מאַשין־ביקס,
און גאַלאָפּ פון פּאָליס־פערד —
איר וועט אונדז דערהערן!

הויך־רעדנער שליידערט די וואָגיקע רייד
אין מויכעס פון דורכגייער,
אינעם האַרץ פון דער גרויס־שטאָט.
איבערן גרילץ פון סאָפּענדן לאָסט־ראָד,
איבער געדונער פון באַנען־עקספּרעסן,
איבערן טראַסקען פון אַלטן טראַמוואַי,
אונטערן וועט־פלי פון טראָציקע פלאַנען.

— פון אַלדאָס גוטס איז דאָ באַ אונדז אין לאַנד,
נאָר ניט פאַר אונדז!
פון אונדזער האָרעוואַניע בלייבט אונדז —
הונגער, נויט.
אַרבעטער, דערוואַך!

הויך־רעדנער שאַל איז הונגער־וויי
פון מיליאָנען קינדער,
צאָרן־ברום פון אַרבעטלאָזע טאַטעס;
שאַל פאַר שלאַכט,
רוף צום זיג,
גרייף פון פויסט —
צום שפּיץ פון גאָלד.

# אַמעריקאַנער ביאָגראַפיע *)

1.

שטרעק דעם האַלדז צום וואָלקנקראַצער,
זע, צום הימל דראָט זיין פויסט.
מיט די שטאָלענע פּאַלאַצן
שטאָט נויאָרק זיך רימט און גרויסט.

געוועט פון מולטי־מיליאָנערן,
פאַרמעסט פון אָנגעשטאָפּטן קאַפּיטאַל,
ווען שטאָקן מערן זיך און מערן
און ס׳פינקלט זיגעריש ספּיראַל.

2.

דער עמפּייר־ סטעיט. עקספּרעס צום הונדערט־דריטן שטאָק.
דורך בערג בעטאָן און ווענט פון שטאָל.
עס שווינדלט קאָפּ. עס שלאָגט אין האַרץ מיט פּויק און גלאָק.
עס ליגט נויאָרק באַ זיינע פיס, ווי אין אַ טאָל.

דער קרייזלער־טורעם גלימערט מיט מעטאַלן־גלאַנץ,
מיט רויטן מירמל פון מאַראָקאָ, מיט שוואַרצן שוועדישן גראַניט.
ניראָסטאַ־שטאָל דעם שטאָלצן קאָפּ באַקראַנצט,
עס שאַלט אין רוים אַ טויזנט מעטריש ליד.

---

*) פ. פ. דינקעלבערג, איינער פון די גרעסטע הימלקראַצער אַרכיטעקטן פון לאַנד, איז געשטאָרבן צו 73 יאָר אין שיקאַגע אין אַ קליינעם צימער, אַן אָרימער, אַ פאַרגעסענער. זיין 73־יעריקע פרוי האָט נאָך זיין טויט געבעטן מען זאָל איר געבן וועלכע ס׳איז אַרבעט זיך באַם לעבן צו דערהאַלטן.

.3

ווער קען זיך גלייכן דען צום בירגער מעטראָפּאָליער,
וואָס קוועלט פון וואָלקנקראַצערס ניי־געבאָרענע,
פון סטילן אַלערלייאיקע:
טעראַסיקע
און גאָטישע
און פּיראַמידיקע —
וואָס זיינען:
באַוואוינטע,
באַקרוינטע,
באַטורעמטע,
מאָנומענטן זיך אַליין געשטעלטע
פון פּיראַטישע מאַגנאַטן,
מיט אָנגערויבטער האָרעוואַניע,
מיט הענט פאַרקנעכטיקטע.

.4

נאָר פרעדריק פיליפּ דינקעלבערג,
דער מייסטער אַרכיטעקט
פון שענסטע וואָלקנקראַצערס דאָ אין לאַנד,
איז אַ פאַרלאָזענער געשטאָרבן,
אין אָרימקייט און שאַנד.

דער מייסטער פון דער פלעט אייראָן אין נויאָרק,
פון פילד־מוזיי אין שטאָט פון ווינטן,
געלעבט האָט אין אַן אומבאַהייצטן צימער ווינטער
און זיך דערדינט באַם טויט צום מאָרג.

דער אַרכיטעקט פון שטאָל־גראַניט סימפאָניעס
געאַרבעט האָט פאַר הערצער האַרט ווי שטיין.
אַ לעבן לאַנג באַקרוינט מיט גלאָריעס,
באַם טויט — פון זיין אַלטיטשקער אַליין באַווײנט.

זי איז אַלט געוואָרן דריי און זיבעציק יאָר,
נאָר צו באַגלייטן אים ניט געהאַט קיין קלייד.
איר פאַרמעגן — ציטערדיקע הענט אַ פאָר,
פאַר אַ שטיקל ברויט צו דינען גרייט.

אָ, באַלעבאַטים־דזשענטללייט !
מאַדאַם דינקעלבערג וויל שקראָבן די דילן
פון אייערע מירמל־הערצער —
די וואָלקנקראַצער,
די מייסטערווערק
פון איר מאַן,
דעם גרויסן אַרכיטעקט.

# דעטעקטיווס, אַף דער וואַך!

.1

דעטעקטיווס, אַף דער וואַך!
אַ ראַדיאָ־רוף צו שטאָט, צו שטאָט און לאַנד,
אַ, שמאַך און שאַנד!
מע האָט באַגאַנוועט דאָך די מיסעס בעלמאָנט!
פינף מינוטן נאָך פיר
האָט מען געפונען אַן אָפענע טיר
פון מאַדאַמס בודואַר.
אַ גרינע קאַר,
מיט רוישנדן מאָטאָר
און יונגעלייט אַ פּאָר,
געוואַרט האָט אונטן לעבן טראָטואַר.
סאיז נאָך ניט באַוואוסט,
ווי גרויס איז דער פאַרלוסט.
עס פעלט די וואונדערבאַרע
לעגענדאַרישע טיאַרע,
וואָס מע האָט נאָך גרויסער מי געקויפט
פון אַ קעניגלעכן הויף;
עס פעלן שנירלעך פּערל,
גרויס ווי קינדערישע טרערן,
און איידלשטיינער פיר:
שמאַראַגד, טאָפּאַז, רובין, סאַפּיר.
מע שאַצט אין צוויי מאָל הונדערט טויזנט.
די צייטונגסלייט זיי גריבלען זיך און לויזן.
אַזאַ סקאַנדאַל!
זאָלן באַלד
די היטער פון יוישער און פון אָרדנונג
זיך מיען, זאָרגן, —
די צירונגען געפינען און, לאָמיר האָפן,
די רויבער רעכט באַשטראָפן.

די מיסיס בעלמאָנט האָט פאַר צייטונגסלייט דערקלערט,
אַז ס׳גייט איר ניט אין ווערט
פון צירונג,
נאָר די פּאַסירונג
ווייזט, ווי העפקער ס׳איז פאַרמעגן . . .
זי האָט זיך שמייכלענד מיט דער פּרעס געזעגנט:
זי פאָרט אַוועק
קיין פלאָרידאַ, צום ברעג.

די בעסטע מייסטער־קעפּ פון לאַנד
אַרבעטן באַזונדער און באַנאַנד
די צירונג צו געפינען;
געטריי זיי דינען.
עס זאָרגט זיך לאַנד פאַר מיסיס בעלמאָנט,
וואָס רוט דערווייל דאָרט, צווישן פּאַלמען.
עס מאָנט דורך לופט
דער ראַדיאָ־רוף,
אין פעסטער שפּראַך:
דעטעקטיווס אַף דער וואַך!

.2

אין היימישן קוואַרטאַל
געטראָפן האָט אַן אַנדער פאַל.
אַף דער שוועל פון אַ פאַרלאָזטן הויז,
אויסגעצויגן אין דער גאַנצער גרויס,
איז אַ מענטש געלעגן.
פאַרכאַלעשט, שיקער ?
איז דאָס דער איקער ?
אַז פרעגן
איז ניטאָ באַ וועמען —
ס׳וועט קיינעם ניט פאַרקלעמען.
מע קען אים ניט — און שוין.
ס׳קומט ענדלעך צו אַ פאָליציאַנט
און טוט אַ ברום : „נו, ווידער אַ פאַרשוין !"
און שאַרט מיטן פוס אים צו דער וואַנט.
„העי, וועק זיך, ריר, דו גאָט־פאַרדאַמט" . . .
נאָר אָרדנונג־היטער בליקט פאַרזאָרגט :
„יאָ, דער מענטש איז טויט מיסטאָם ;
מ׳וועט אים דאַרפן נעמען גלייך אין מאָרג".

אַף מאָרגן האָט אַ צייטונג, אין שורעס צוויי, פּעטיט,
געשריבן : אַף דער און דער סטריט,
געלעגן איז אַ מאַן אַ יונגער,
טויט פון הונגער . . .

3.

ווער איז באַגאַנגען אָט דעם מאָרד —
פריי, אָפן פאַר די אויגן פון דער וועלט?
וואָס איז געווען דעם קאָרבנס לעצטע וואָרט?
געווען אַ מענטש. ניטאָ. ניט פעלט.

דעטעקטיווס, אַף דער וואַך!
ווער איז דעם מאָרד באַגאַנגען?
אָ, רוט ניט טאָג און נאַכט,
איר מוזט דעם מערדער פאַנגען!

מיר אַלע וועלן די דעטעקטיווס זיין!
מיר קענען זיי, די מערדער.
מיר וועלן אָפּצאָלן פאַר נויט און הונגער־פּיין,
פאַר בלוט פאַרגאָסענעם אַף ערד דאָ.

אַ ראַדיאָ־רוף צו שטאָט, צו שטאָט, צו לאַנד,
צו אַלע האָרעפּאַשנע יונגען:
טוט אָפּ פון זיך די שמאַך און שאַנד,
אַז מענטש זאָל אומקומען פון הונגער!

קלאַפּט אָן אין טירן פון דער צירונג־וועלט,
אַ דיך־וועכעשבן מאַכט,
און רויבער־קלאַס צום מישפּט שטעלט, —
פּראָלעטאַריער, אַף דער וואַך!

# מיסעס קאַפּלאַן זאָגט

(רעגינאַן)

מעקסעלע וויל אין מויל אַריין ניט נעמען קיין גרינסן
און מערי — כאָטש גיב איר יעדע וואָך אַ נייע קלייד.
אַ פולע הויז — און פון אַלע פאַרדינסטן
בלייבט אַ פייג.

גיי האָדעווע קינדער, צו אַלע גוטע יאָר!
פאַר מיסטער מילערס שיך־פאַבריק אין לאָנג־איילאַנד.
און מיין אַלטער איז געל ווי וואַקס;
זיינע פינגער קאָנען זיך שוין מער ניט איילן
און ס׳פאַרשאַדט אים צו וועטשערע דאָס שטיקל לאַקס.

אַ וועלט — אַז אָנצינדן מעג זי זיך אין מיטן העלן טאָג!
העגט זיינען שפּאָט־ביליק און ברויט ווערט בראַנד־טייער.
סעם זאָגט, אַז עס וועט אויסברעכן אַ מילכאָמע אַ נייע;
נאָך דאָס פעלט אונדז צו די צאָרעס!

אַז אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן.
סעם גייט דאָך שוין אַף צוואַנציק.
זיי דרייען זיך אַפן קאָריק אין מונדירן גלאַנציקע,
די סראָרעס,
און פאָכן מיט די שווערדן.

עס ליגט אונדז נאָך דער טאַם פון לעצטן בראַנד;
כ׳האָב די וואָך אין סאָבוויי געגעבן אַ פּאָר סענט
אַ וויסטן מילכאָמע־קריפּל מיט פיר מעדאַלן.
נאָר אָן אַן אויער און אָן אַ האַנט.
כ׳האָב זיך אויך דערמאָנט אָן מאַלען,
וואָס קאָן איר אומגליק ניט פאַרגעסן,
כאָטש די ווערים האָבן אים שוין לאַנג צעפרעסן.

ווי לאַנג קרענקען זיי, די שאַכער־מאַכערס,
ווי כ׳וועל זיי סעמען מיינעם געבן.
כ׳וועל שטאָפּן מעקסעלען מיט מילך און קאַשע
פאַר זייערטוועגן?!

מ׳עט ניט לאָזן ווידער מאַכן אַ יאַטקע־קלאָץ
פאַר יונגע פרישע קינדער.
די וועלט איז ניט קיין האַצע־פּלאַץ
און מאַמעס זיינען ניט קיין רינדער.
א י ך  וועל ניט לאָזן — און אַן עק!
און כ׳בין דען איינע? קיין מאַמע וועט ניט לאָזן.
אַ הינטיכע שטעלט אויך זיך איין פאַר אירע פּאָפּלעך...
מ׳עט די ראָצכים אויסקאָרינעיען ווי סאַמען־גראָזן.

איך זאָג, אַז אַלע מאַמעס דאַרפן זיך צוזאַמענעמען
און אַרויסגיין אַף די גאַסן, אַז זיי זאָלן ווערן שוואַרץ
און זאָגן צו די מערדער: „ווען וועמען ווילט איר נעמען, וועמען?
אַ רועך אין אייער פינצטער האַרץ!

אונדזער אויסגעוויטיקט בלוט און פלייש
ווילט איר צעמאָלן ?
אונדזער אויג פון קאָפּ ?
און אונדז דערפאַר באַצאָלן
מיט אַ צעלעכערטן טאָפּ ?"

מיר ווען מער ניט זיין קיין נאַרישע ווייבער.
מיר האָבן קינדער געבראַכט, אַז ס׳זאָל זיי זיין דאָ גוט.
אויב אויסראָטן — דאַרף מען די גאָרגל־שניידער,
די מילערס פון לאָנג־איילאַנד, וואָס זויגן אויס דאָס בלוט
פון יונג און אַלט, און ברענגען אום אַ וועלט,
אָנצושטאָפּן זיך די בייכער מיטן לומפּיקן געלט.

וואָס מער איך קלער, ווערט קלאָר מיר און פאַרשטענדלעך.
(סעם זאָגט : מאַמע, ווערסט קלוג.)
איך זאָג : אַ וויסטן סאָף צו די זעק מיט רענדלעך,
גענוג באַראַבעוועט די וועלט, גענוג !

לאָמיר אויסקערן די שמוץ און אויפראַמען די דירע,
ס׳זאָל זיין גראַם און לעכטיק פאַר אַלעמען צו לעבן.
מ׳זאָל אונדזערע קינדער צו דער שכיטע מער ניט פירן —
מיר׳ן ס׳גאַנצע געזינדל איבער די לאַפּעס געבן !

# דזשאָו אַנדזשעלאָ צו זיין קאָמאַנדיר

(באַזירט אַף אַן אַקטועלער פּאַסירונג. דער קאָמאַנדיר פון דער קאַוואַלעריע, וואָס האָט אַרויסגעטריבן די באָנוס־וועטעראַנען פון זייער קעמפּ אין וואַשינגטאָן, איז אין דער וועלט־מילכאָמע געראַטעוועט געוואָרן אַפן שלאַכטפעלד פון אַ באָנוס־וועטעראַן, וועלכן ער האָט שפּעטער פאַרטריבן פון וואַשינגטאָן מיט גאַז־באָמבעס.)

**קענן וועמען הייסטו שיסן, קוירנעל דזשאָרדזש פּעטאָן?**
**קענן מיר, דיין באָדי, דזשאָו אַנדזשעלאָ?**
**דערקענסט די פיר מעדאַלן אַף מיין ברוסט?**
**האָסט מיר דעם קרייץ אַליין דאָך אָנגעשפּיליעט**
**און אַ צולאָג דערלאַנגט — אַ נאַסן קוש.**

**געדענקסט אַ נאַכט אַ שטאָק־פינצטערע אין פלאַנדערס,**
**אין ניינצן־אַכצן,**
**ווען דזשאָו אַנדזשעלאָ געטרייבערט האָט די אינגעווייד**
**פון טשערעפּאַכע־טאַנק,**
**און קוירנעל פּעטאָן האָט געקרייט:**
**„אין אַטאַקע, גרייט!"**

**איך האָב געפאָלגט, ווי אַ סאָלדאַט,**
**נאָר ניט געפאָלגט האָט דער גראַנאַט**
**וואָס האָט דערלאַנגט אַ קיצל דיר**
**אין זיבעטן ריפּל.**
**זז—פּפּ!**

איך האָב דאָס זעקל ביינער דיינס —
ווי אַ זייטל פלייש —
אַף מיין אַקסל אָוועקגעשלעפּט,
פון געפאַר אַרויס,
און דורכגענעצט האָט דיין וואַרים בלוט
מיין פאַרלויזיקט העמד.
אַ גאַנצע נאַכט געפאַדיעט אַרום דיר,
ווי אַרום אַן אייגן קראַנק קינד;
מיין לעצטן סיגאַרעט מיט דיר געטיילט...

איצט, זע איך, ביסטו אַ מאַיאָר,
צו אַלדע שוואַרצע יאָר!
האָט דזשאָו אַנדזשעלאָ געראַטעוועט דיין לעבן,
זאָלסט הייסן שיסן איצט אין מיר?

כ'האָב געטריי געדינט מיין לאַנד,
נאָר איצט פאַרראַטן האָט עס מיך אין נויט.
כ'קראַפּיר פון הונגער, קוירנעל פּעטאָן;
די פאַבריק פאַרמאַכט איז ס'צווייטע יאָר שוין;
פון דער דירע מיך אַרויסגעוואָרפן אין קעמדן, ניו דזשוירזי,
פאַרלאַנג איך איצט, ווי יעדער האָרעפּאַשנער באָדי,
דעם צוגעזאָגטן באָנוס מיינעם.

אַף װעמען װעט די קאַװאַלעריע רייטן,
אַף באָדיס אייגענע, אַף דזשאָו אַנדזשעלאָ?
זע! זי קומט פון אַלע זייטן!
הייסט שיסן אַף דיין געטרייסטן באָדי, קוירנעל פּעטאָן?
נו, צי דיין שװערד פון שייד:
„אין אַטאַקע, גרייט!“

מאַשין־ביקס, שטראָם די בליי!
איצט בין איך זיך אַליין געטריי,
כ׳בין מער ניט בלינד,
איך קעמף פאַר זיך, פאַר אייגן קינד,
פאַר אַרבעטלאָזן באָדי, קוירנעל פּעטאָן.
איך װעל געדענקען דיין פאַרראַט, —
איך, דזשאָו אַנדזשעלאָ, דער סאָלדאַט.

# מעדאַלן

מעדאַלן פון מילכאָמע־העלדן צו באַקומען
פאַר אַ טאָלער מיט פופציק סענט אַ שטיק
און ווינציקער.

ניו יאָרק טיימס, נאָוו. 11, 1935.

1.

אַ פאָלק סאָלדאַטן פויקט מיט שטיוול אויס
אַף ערד — דעם אויסגעפּרואווטן באַראַבאַן —
אַ גלאָריע־מאַרש צום זיג־מיראַזש,
וואָס שיקערט אָן דאָס בלוט און שטייפט דעם שפּאַן.

מוזיק־קאַפּעליע קנאַלט, עס שאַלט טרומייט
דעם רוף פון מאַכט אין גוואורעדיקער קויל.
די פייקלער־מאַכנע קייקלט שרעקן־שרויט,
וואָס וויקלט וויסטע וויט אין האַרטער קנויל.

עס פיבערט ס׳הייסע בלוט אין קרעפטיקן סאָלדאַט,
עס פויקט אין האַרץ אַ האַמערדיקע לוסט.
פאַרדרייט דעם קאָפּ אים האָט מילכאָמע־ווייַן,
איצט זעט ער לאָרבער־קרענץ אַף בוים און קוסט.

איצט באַמבלט קישעפדיק זיך אַ מעדאַל
אַף יעדן זונשטראַל און אַף ביסטרען בליק
פון אויסגעפּוצטן קיילעכדיקן קאָמאַנדיר,
וואָס הייסט צעברעכן פיינטס געניק.

עס הערט סאָלדאַט אַ לויב צום בראַוון העלד,
וואָס האָט דערדינט זיך צו אַ ריי מעדאַלן.
ער טרוימט פון קרייץ דעם אייזערנעם אַף ברוסט,
ווען ס׳וועט מוזיק לעקאָווען אים דאַן קנאַלן.

עס שטעקן אויצרעס רום אין שטיקעלע מעטאַל,
עס שפּיגלט זיך מיט אים דאָס גאַנצע לאַנד.

נאָך מעדאַלן־גלאָריעס אַף זיין ראָק
סאָלדאַט האָט פּיבערדיק אין שלאַכט געשפּאַנט.

2.

וואָס קאָן נאָך ערגער זיין פון אָפּגעהאַקטע פּיס?
פון ריז,
וואָס פּויזעט ווי אַ וואָרעם?
פון מעדאַל־מאַציייוועס
אַף לעבעדיקע קוואָרים?

נאָר וואָכן־לאַנגער לעכערדיקער טרייבער־קנאַל
פון הונדערטער האַרמאַטן,
געעפנט האָט פּאַרטויבטע מויכעס
פון אַהיימגעקומענע סאָלדאַטן.

זיי וויסן איצט: אין צייט פון קריג
פאַר מענטשן־פלייש איז וועלט אַ מאַרק.
עס וואַקסט דער קנאָכן־באַרג,
דער מעקעך הייבט זיך שטאַרק.

דער פּרייז פאַר האַנט צעפאָרענער
איז: בלעכל מיט אַ מאַרקע.
פאַרביידע פּיס פאַרלאָרענע —
אַ שטיקל אייזן שטאַרקער.

פאַר לונגען דורכגעזיפּטע —
מעדאַלעכלעך פאַרקייפלט,
פאַר אויער אָפּגעפּליקטן —
אַ צאַצקעדיקן שלייפל.

אין שאָלעם־צייט איז לוין פון גלאָריע —
הונגער און פאַרצווייפל.

קענסט קויפן דאָן דעם זעלטענעם מילכאָמע־קרייץ
פון העלד, וואָס האָט באַצאָלט פאַר אים
מיטביידע פיס און הענט, —
פאַר אַ טאָלער לויזיקן
מיט פּופּציק סענט.

די וועלט, די יאַטקע־קלאָץ,
די הער דעם רעוועדיקן רוף
פון הונגעריקן גוף
פון מעדאַליסטן־העלד,
וואָס פאַרשאַכערט איצט זיין וועלט
צום קרעמער
פאַר אַ טוצן זעמל.

אַ וואָרער העלד איז דער וואָס גייט אין שלאַכט פאַר ברויט,
וואָס האָט באַזיגט דעם שטאַרקסטן סוינע — נויט.

# אוראַגאַן

(פּאָעמע)

איבער 500 אַרבעטלאָזע מילכאָמע־וועטעראַנען זיינען אומגעקומען סעפּט. דעם 3טן, 1935 פון אַ שטורעם אין פלאָרידע, אין אַן אַרבעט־קעמפּ, וואָס די רעגירונג האָט פאַר זיי אויסגעבויט. אַן אונטערזוכונג האָט פעסט־געשטעלט, אַז: 1) אין שטורעם־צענטער האָט מען ניט געטאָרט בויען קיין קעמפּ און 2) אַז מע האָט געקענט אַלע וועטעראַנען ראַטעווען אין צייט.

## ערשטער טייל

1.

מיין באָדי האָט געלאַכט דער לעצטער.

עס האָט אים ניט צעפליקט שראַפּנעל
אַף מייסים־פעלדער אין אַרגאָן.
געיאָגט האָט טויט זיך בליציק־שנעל,
נאָר באָדי איז געוועזן פאַרטאָן
אָן סאָף, אָן ברעג,
מיט קרייען ווי אַ האָן
פון וואַנזין־שרעק.

און אינדערהיים דערנאָך, אין טשאַטאַנוגאַ,
געשוויגן האָט ער ווי אַ גרייז אַ קלוגער
און באַדויערט זיינע דרייסיק יאָר;
ווייל כאָטש אַרויס פון קריג איז ער אַ גאַנצער,
האָט אים אַ מאָדנע שוויגן איצט באַפאַנצערט,
אינגאַנצן גרוי געוואָרן זיינען זיינע האָר.

און ווער ס׳האָט באַדי׳ן אָנגעפּאַטשט אין פּלייצע
און ווער ס׳האָט אים באַלוינט מיט זיסע רייד,
ס׳האָט קיינער ניט געזשאַלעוועט קיין אייצע,
אים ווינטשן גוטס געווען איז יעדער גרייט.

נאָר באַדי האָט געהאָפט אַף איין באַלוינונג:
דעם אַלטן דזשאָב צוריק
אין דער געהילץ־פאַבריק.
צו זיין דערשטוינונג
געפונען האָט ער דאָרט אַ נייע „האַנט“,
אַ קינד, אַ אינגעלע גלאַט פאַרקאַמט.

.2

מיין באַדי האָט געגלויבט אין אָנקל סעמען,
ס׳איז רייך און מעכטיק אונדזער לאַנד.
ער קאָן צו אַנדער אַרבעט זיך דאָ נעמען,
עס וועט ניט איינדאַרן די גוטע האַנט.

און ס׳האָט אים אָפּגעגליקט אין קאַראָליינאַ.
אַ נייע בראַנזשע — די טעקסטיל.
די פינגער זיינע — פלינקע, פיינע
און ס׳מויל — פאַרשלאָסן, שטיל.

אַ ווייב פון וועב־שטול זיך גענומען,
אַ דירע האָט פאַבריק אים דאָ באַזאָרגט
און אַז אַ קינד איז צוגעקומען,
האָט ניט געקלעקט זיין לוין, האָט מען געבאָרגט.

אַמאָל באַם אָנבליק פון אַ זעלנער יונגן,
צי טרעפנדיק אַ קאַליקע, אַ לאָמען,
האָט אים אַ ברי געטאָן מיט פייערדיקע צונגען,
דערשמעקט האָט ער די בלאָטעס בלוט פון דער מילכאָמע.

אַמאָל, אין זונטיקדיקער רו, אַף לאַנען,
פאַרמאַכט האָט ער די אויגן און דערשפירט:
ער איז איצט ווייט, גאָר ווייט פון דאַנען
און איבער אים — דער „בול", דער אָפיציר.

אַ קאָמאַנדיר,
אַ באַראַבאַן,
אַ באָמבאַרדיר,
אַן אוראַגאַן,
וואָס טראָגט זיך פיבערדיק אַנטקעגן,
אַ רעגן
פון סוויסטשענדע ראַקעטן,
אַ טרעטן
איבער פגאָרים־בייכער,
אַ פרייכן,
קייכן
צו דערגרייכן
מיטן באַיאָנעט
אין פלייש דעם וייכן,
אַ צעטרעט,
אַ האָן־געקריי.
טראַנשיי.

ס'האָט באַדי אויפגעכאַפּט זיך גיך,
דאָס גראָז אַרום מיט וואָרצל אויסגעריסן,
געקאָפּעט מיט די שיך
און ליפּ געביסן.

— וואָס איז דיר, טאָם?
— אָ׳ גאָרניט, ען.
דערמאָנט זיך, סטאָם,
וואָס איז געווען
אַמאָל,
צו אַלדע שוואַרצע יאָר.

3.

עס ברויזט, עס פיבערט אין פאַבריק —
צום דריטן מאָל דעם לוין געשניטן,
דער סטרעטש־אַוט וואַרגט, דערשטיקט
די שנעלסטע האַנט און די געניטע.

עס וואַיעט שטורעם־ווינט פון נויט —
סטרייק!
דער ריטם פון מאַשין באַגלייט —
סטרייק.
און פּויקט אַריין מיט פינגער קנאָכיקע
אין רוקנס יאָכיקע —
סטרייק.

מיין באָדי שווייגט;
באָר אויגן גליען
און קוילעס פּרעגן,
און בליקן בריען,
און אַ רעגן
פון רייד און צאָרן
וועקן אויף די יאָרן
פון באַראַבאַנען
און אוראַגאַנען,
פון בלוטיקן קויט
און טויט.

פאַר וועמען זיך געשלאָגן אין אַרגאָן ?
און יעדע ווייל געשטעלט אין קאָן
זיין לעבן ?
וואָס האָט מילכאָמע דיר געגעבן ?

פאַר וועמען שרייען איצטער דזשאָו און העריל
דעם סטרייק־רוף אויס ?
פאַר מיר, פאַר דאַרער מערי,
פאַר קליין און גרויס
אין דער פאַבריק,
קעגן רויבער־שטיק
פון פירמע דזשאָונס און שטערן,
די מולטי־מיליאָנערן.

אין באָדין האָט דערוואַכט
סאָלדאַט און דיסציפּלין.
ער איז אין שלאַכט
פאַר זיך און ווייב און קינד.

געפּלאַצט אין אים האָט שווייגער־דאַמבע יאָרנלאַנגע,
ער וועט זיך איצט ניט לאָזן פאַנגען
פון סוינע אייגענעם באַם גאָרגל —
עס שטייט אין קאָן דער היינט —
און מאָרגן.

און באַדי האָט דערזען
און באַדי האָט דערוואַכט
אַ סטרייק איז ברען
פון הייסער שלאַכט.

נאָר שטרייט מיט מויל און פויסט
אַנטקעגן באַיאָנעט!
מע טרייבט אַרויס פון אייגן הויז
מיט ביקס און פּיסטאָלעט.

אין האַנט די פאָן פון שטערן און שטרייפן,
פאָרויס מילכאָמעדיקער מוט,
די פּיקעט־ליין וועט קאַמף פאַרשטייפן,
און באַדי וויים ניט פון קיין רו.

4.

ס׳האָט הונגער זיין וועב זיך געשפּונען
און איינעם נאָך צווייטן געפאַנגען.
פאַרלאָרן האָט באָדי, ס׳האָט הונגער געוואונען.

פאַרפאָלגט איז באָדי איצט געגאַנגען
פון גאַס צו גאַס, פון שטאָט צו שטאָט —
די הענט פאַרדינגען.
אַף אים געטייטלט האָבן אייגענע פינגער
מיט שאַנד און שפּאָט.

מאַרש, מאַרש, מיט הונגער־טריט
אַליין.
ער נעמט ניט מיט זיך מיט
די היים.
וואָס וועט פון זיי דען ווערן?
שטום.
זאָלן ווייב און קינד ניט דערהערן
זיין געברום.

## צווייטער טייל

1.

באַנוס, באַנוס, נאָכן באַנוס,
יעדער וועטעראַן.
פויקער־זעץ אַ יעדער שפּאַן איז,
אויף קיין וואַשינגטאָן!

ניט געקאַרגט אַמאָל מיליאָנען,
אונדז אויסגעריכט צום טויט.
די העלדן איצט ווי בעטלער שפּאַנען,
עס סטוק׳ען די קוליעס פון נויט.

זיי קומען אָן פון באַרג און פלעין,
פון אַלע אַכט און פערציק שטאַטן.
פון הייסער סאַוט, פון קאַלטן מעין,
עס קומען אָן סאָלדאַטן —

מעדאַלן אַף דער ברוסט,
און אויסגעדאַרטע הענט.
עס האָט זיך אַזש צעהוסט
דער שטרענגער פּרעזידענט...

2.

אין לאַסט־וואַגנס און פראַכט־באַנען,
אין פייפנדיקע פליוורס,
געקומען זיינען וועטעראַנען,
אין אויסגעריבענע שיך און שטיוול.

עס האָט דער פאַרמער פון דאַקאָטאַ
געלאָזט פאַרהונגערט ס׳הויזגעזינט.
„איך קריג דעם באַנוס״, פאַרזיכערט האָט ער
דעם ווייב, דעם קינד און זיינע הינט.

געקומען איז דער באַנקראָטירטער קרעמער
און פּיפּיקער פאַרקויפער פון אַמאָל.
און ס׳האָט זיך אויפגעהערט פּאָעט צו שעמען,
אַראָפּגענידערט פון אָלימפּ אין באָנוס־טאָל.

אין קאַראָליינער קאָנטינגענט
זיך אָנגעשלאָסן האָט מיין באָדי טאָם.
עס האָבן הערצער דאָ זיך גלייך דערקענט,
געליטן האָט פון הונגער יעדער וועטעראַן.

אין כוידעש מאַי, מיט זעלנער־טריט, נאָר מיד,
אַריינמאַרשירט האָט באָנוס־ריי קיין וואַשינגטאָן.
מיין באָדי האָט געטראָפן דאָ זיין כאַווער פּיט,
וואָס האָט געלאָזט זיין פוס פאַר ווערים אין אַרגאָן.

.3

עס גלימערט נאָדל־שפּיץ פון וואַשינגטאָנער מאָנומענט,
איינגעהילט אין גרינס איז שטאָלצע שטאָט.
אין לינקאָלן־צימער זיצט הואווער, דער פּרעזידענט
און באַפעלט: „דער באָנוס־מאַרש זאָל ווערן אויסגעראָט“.

די צוואַנציק טויזנט וועטעראַנען,
מיט ווייב און קינד און מעדאַלן פון קריג,
איצט זיינען באַ די טירן פון צוזאָג געשטאַנען,
און פינצטער געווען איז דער וועג אַף צוריק.

אַף פּענסילווייניאַ עוועניו, אין אַנאַקאָסטיאַ,
אין כורוועס און צונויפגעלייגטע געצעלטן,
געשטאַנען זיינען זיי אַף זייערע פּאָסטנס
און געוואַרימט זיך אין ליכט פון קעפּיטאָל באַהעלטן.

איז זייער נויט פֿאַר הואווערן אַ פּראַזע ?
און וועט קאָנגרעס זיי אויך פֿאַרראַטן ?
פֿאַרזאַמלט האָט אַרמיי זיך אַף דער פּלאַזע,
געוואַרט מיט אומגעדולד אַף רעזולטאַטן.

4.

עס טראָגט זיך ווילדער אוראַגאַן
פֿון פֿעדעראַלן מיליטער,
אַף הונגעריקן וועטעראַן,
מיט באַיאָנעט און שווערד.

אַ לויִן און דאַנק מײַן באַדין פֿון אַרגאַן :
אַ גאַז־באָמבע, שטאָט ברויט.
אַף ברייטע עווענויס פֿון וואַשינגטאָן
עס רייט צום וועטעראַן דער טויט.

עס רעוועט טאַנק, עס שפּיזט דער באַיאָנעט,
עס הירזשען אַרטילעריע־פֿערד.
עס קנאַלט דער זאַלפֿ פֿון פּאָליצייאישן פּיסטאָלעט,
עס שניידט זיך איין אין פֿלייש די שווערד.

אַ קויל אין האַרץ האָט באַדי הושקאָן שוין געטראָפֿן
און טרערן־באָמבעס שטיקן קליינע קינדער.
באַנאַכט ווען אַלע זײַנען איינגעשלאָפֿן,
האָט הואווער באָנוס־קעמפּ באַפֿוילן אונטערצינדן.

עס פֿלאַקערן בעבעכעס, טראַנטעס.
דורך נאַכטיקע שאָען
הערן זיך קאָמאַנדעס
און פּויק פֿון קלאָען.

די קאַוואַלעריע אַפּריער,
די אינפאַנטעריע הינטער איר
און מאַלפּעס אין מאַסקעס.
דאָס פּאָנים פון קאָמאַנדיר
אַ ציגל צעפּראַסקעט.

דער הימל איז פאַרצאָרנט רויט,
דער רויך פון גאַז איז ווייס.
פאַר פאָדערן ברויט —
פאַרניכטן זיי, ווי מייז!

מיין באָדי האָט דערזען דעם אוראַגאַן,
דעם פייער־וויכער און די ווילדע פערד.
ס'איז ניט געווען דער פרעמדער, דייטשער „האָן“,
נאָר סוינע אייגענער אַף היגער ערד.

מיין באָדי איז געלאָפן פונעם פיינט,
מיט קינדער ווייענדע אַף פעלד געגעכטיקט.

— באַצאָלן וועלן מיר פאַר בלוט און פיין,
זיך אומקערן מיר וועלן פיל און מעכטיק.

עס קומט צוריק אַהיים אין קאַראָליינאַ
מיין באָדי אויפגערעגט און אויפגעוואַכט.
— אָ, הערט זיך איין, פאַמיליע מיינע,
עס הייבט זיך איצט ערשט אָן די גרויסע שלאַכט.

## דריטער טייל

.1

מיין באַדי מיטן קנעפּל אַפן לאַץ
זיך דרייט אַרום דאָ שלינג און שלאַנג.
ניטאָ אין ערגעץ מער קיין אַרבעט־פּלאַץ,
עס שיפּעט לאַנגוויל, ווי אַ קלאַפּער־שלאַנג.

אַריינגעשליידערט האָט מען כאַזער־פליש אין יאַם
און מילך מיליאָנען גאַלאָן אויסגעגאָסן.
ער האָט פאַרגעסן באַלד פון פּאָרק דעם טאַם,
און הילדאַ וואָלט פון מילך אַזוי גענאָסן.

ער קריגט זיך מיטן ווייב,
דאָס הויז איז אַ געהענעם.
זי טרייבט אים, טרייבט
פאַרדינען. וואו ? באַ וועמען ?

ווי אויסגעהונגערט זיינען זיינע הענט
נאָך אַרבעט !
נאָר וואַרטן קען ער באַ פאַבריק־ווענט
ביז עס שטאַרבט ווער.

און רוזוועלט שמייכלט און פאַרזיכערט,
אַז ס׳בעסערט זיך די צייט,
נאָר הונגער בושעוועט און וויכערט,
די נויט זי קלאָגט און שרייט.

מיין באַדי שרעקט זיך טיילמאָל איבער,
ער מיינט אַז מוסקלס זיינע ווערן טייג.
אין קאָפּ עס צינדט זיך אָן אַ פיבער,
אַ מאַסע אַפן האַרץ זיך לייגט.

אָ, וואָס וועט זיין דער סאָף פון לעבן פוסט,
פון בעטלען ברויט אין דער רעליף ?
עס כאַפּט אים אָן אַ וואַנדער־לוסט,
אַוועק גאָר ווייט, אַוועק גאָר טיף.

אים דאַכט זיך אָפּט, ער איז אַ קאָמוניסט,
עס ווערט אים נאָענט וואָרט פון קאַמף.
זאָל קומען עפּעס, וואָס־עס־איז,
באַפרייען אים פון הונגער־קראַמף.

2.

מיין באָדי איז אַוועק פון הויז,
וואוהין די אויגן טראָגן.
אין דער פרעמד געפינען טרייסט
און הערן וואָס עס זאָגן
מענטשן אין די גרויסע שטעט.
ער איז אַ טרעמפּ,
אין קעקי־העמד
און נעכטיקט אַף אַ הוילער ברעט.

ס'איז אומעטום דיזעלבע מאַקע :
מע אַרבעט שוין ניט יאָרן לאַנג.
און ווער עס רעדט — אַף דעם אַטאַקע
פון פּאָליציי און מיליטער פון לאַנד.

ער פילט : עס זאַמלט אָן זיך צאָרן,
עס זאַפּן אָן זיך וואָלקנס לייד.
ער הערט מילכאָמע־שאַל פון האָרן :
„אין אַטאַקע גרייט !"

ער איז אַוועק אין קריג דאָן פאַר מעלאָנען,
פאַר שקלאַפן־טרייבער, מיליאָנער.
מע פאַכעט ווידער שוין מיט פאָנען,
מע ציט פון שייד די שאַרפע שווערד.

מע וויל באַפרייען זיך פון אַפּפאַל,
פון די וואָס האָבן ניט קיין ברויט.
עס בורטשעט הונגער־בויך — אייראָפּע,
עס פאַרבט די וועלט זיך שאַרלעך־רויט.

מיין באַדי פילט אין לופט דעם אוראַגאַן,
ווי אין טראַנשיי אַמאָל דעם אָנקום פון אַטאַקע.
ער איז אַן אויסגעפּרוואווטער וועטעראַן,
ער וועט דעם סוינע פּאַקן.

אַ זעץ טאָן זאָל די שאָ,
אַ פויק טאָן זאָל קאָמאַנדע —
ס׳וועט זיין אַ הייסער טאָג
פאַר מיליאָנערן־באַנדע.

זיי האָבן אים פון פרייד באַרויבט,
אין קריג אַריינגעגנאַרט, פאַרהאַנדלט.
און בעייס ער האָט אין זיי געגלויבט,
אין גאָלד זיין בלוט פאַרוואַנדלט.

פאַרוואָס זאָל ליידן נויט זיין קינד,
ווען ס׳איז פון אַלעם דאָ צופיל ?
פאַרוואָס איז ער געוועזן בלינד,
פאַרשאַכערט ס׳לעבן זיינס, פאַרשפּילט ?

אַ סאָף, אָן עק
דער רויבער־האַנט,
וואָס האָט דעם וועג
פאַר אים פאַרצאַמט !

ניט וועטעראַן —
אויפסניי רעקרוט !
מיט פעסטער האַנט,
מיט נייעם מוט.

.3

וואָס טוט מען מיט די הונגעריקע עקס־סאָלדאַטן,
מיט רעבעלירנדיקן וועטעראַן ?
ס'האָט וואַשינגטאָן, מיט שמייכל גלאַטן,
אַנטפּלעקט אַ שפּאָגל־נייעם פּלאַן.

פאַר זיי, פאַר אונדזערע געטרייע,
זאָל פאַרטיק ווערן שנעל
אַ קעמפּ אַזאַ אַ פרייער,
אַ לאַגער אַ מאָדעל.
(ס'האָט וואַשינגטאָן געהיט די פעל
פאַר אַ באָנוס־מאַרש אַ נייעם.)

.4

ס'איז אונדזער לאַנד אי גרויס, אי רייך, באַרימט
מיט וואַלד און טאָל און פּאַסיקן קלימאַט,
נאָר פלאַץ פון טויט רעגירונג האָט באַשטימט
פאַר איר געוועזענעם סאָלדאַט.

פלאָרידאַ קיס איז דער צענטער פון שטורעמס,
פון רעגנס, וואָס מאַבלען, פאַרניכטן,
פאַרפלייצן די שפּיצן די העכסטע פון טורעמס,
און כאָרעוון וועלדער געדיכטע.

אַהין געשיקט פאַרשמאַכטן באָדי
צו אַרבעטן פאַר הונגער־לוין.
געמיינט: נו, פאָטער שוין אַוואָדע
פון איינגעגעסענעם פאַרשוין.

5.

אָף פעלדזן־אינדזלען, אין פלאָרידער שטורעם,
אין כוידעש פון אוראַגאַנען,
האָבן די וועטעראַנען
זייער נאַסן קייווער געפונען.

מיט רידלען און לאָמען
די וועגן געבויט,
דעם הונגער צו צאַמען,
צו שטיקן די נויט.

נאָר מיטאַמאָל — עס דראָט געפאַר
די טאָשווים פון פלאָרידער ברעג,
דער רויטער אוראַגאַנען־פלאַג
וואָרנט פון עק צו עק.

באַהאַלט זיך גיך
פון שטורעם־ווינט!
ס׳קומט אַטאַקע!
זי וועט פאַקן
יעדערן אַצינד.

וועטעראַן, אָ, וועטעראַן,
וואָס האָט מיט טויט געגעכטיקט
אַף פעלדער פון אַרגאָן,
שטרעקט איצט דעם האַלדז דעם שעכטער
אוראַגאַן.

ס׳וויכערט ווינט
איןווילדן האַס.
גיך פאַרשווינדט
גוף און גאַס.
פליקט און דרויבט
אין וואַנזין־ברויז.
ס׳פליט צעשטויבט
בוים און הויז.

וואַסער וויסט
און דערשטיקט.
ס׳הענגען פיס
פאַרריקט.

וועטעראַן, אָ, וועטעראַן,
וואָס ווייס שוין אַלץ.
דיך געפּאַקט פאַרן האַלדז
האָט דער אוראַגאַן.
בלינד און נאַריש זיך צעלאַכט
אַריינגעקראַכט
אין קעמפּ־מאָדעל,
געטאָן אַ קרעל,
אַ טרעל
און אָנגעפּאָיעט וועטעראַנען
און אָנגעדראָלט די בייכער
און ווען ער איז אַוועק פון דאַנען,
האָט פון שרעק געקייכט ער.

אַף אַ צווייג פון הויכן שטאַם,
וואָס שטורעם האָט געלאָזן,
געהאַנגען איז מיין באָדי טאַם,
שטייף און אָנגעבלאָזן.
די אויגן אָפן און פאַרטראַכט —
נאָר ס׳פּאָנים האָט געלאַכט.

# הונגעריקע הענט

.1

שלינג און שלאַנג,
פוסט און פּאַס,
כאַדאָשים לאַנג
פון גאַס צו גאַס.

קעסל־הייצער, דימענט־שלייפער,
ציגל־לייגער, מויער־ברעכער ;
אייזן־שמעלצער, פעסער־רייפער,
קלעצער־זעגער, בויער, בלעכער ;
שאַכטער ; האַפּן־שלעפּער ;
קריצער, בעקער,
שלאַכטער, שטעפּער,
שניצער, העקער —
געשיקטע הענט,
מייסטער הענט,
מוסקולן פון בראָנדז
און גוואורע — צעמענט.
דער פונדאַמענט
פון אַלץ וואָס איז.
קאַרליק און ריז —
די פינגער צען
אויסגעשטעלט :
ווער עס קען,
פּאַרכאַפּ
און צאַפּ,
פּאַר ברויט און צעלט.

.2

ברויט און טויט —
סאָנים צוויי.
שוואַרץ און רויט,
לאַך און וויי.
קריך און פלי,
שוויץ און פריר;
די פּעטליע אַף טליע
שטאַרקער פאַרצי,
אַף אייגענעם האַלדז,
אַלץ
צו שפּייזן די הענט,
די אייגענע הענט.

.3

ווען ס׳טרעפט אַ גליק
צו האָרעווען פון פרי ביז נאַכט —
אין טפיסע־שאַפּ, פאַבריק,
דאַרף האַלטן ס׳מויל פאַרמאַכט,
די ציין פאַרדריקט.

וואָס דאַרפן הענט דען גאָר?
מאַכן זאַכן, שאַפן אָן אַ צאָל
פאַר עפּעס אַ שוואַרץ יאָר,
אַז אים באַגליקן זאָל.
און ווען די האַנט ווערט שוואַך
דאַן — קראַך!
אַ סאָף, אַן ענד
צו טרייע הענט.

וואָס־זשע בלייבט זיי איבער, וואָס ?
עס קומט דער הונגער־טויט,
צעלייגט זיך מייסע־באַלעבאָס
און טרייבערט ביין און הויט.

אין פּאַלאַצן פּעסטע וואוינט
(די הענט זיי האָבן דאָך געבויט)
דער וואָס האָט באַלוינט
זיי מיט הונגער־טויט.

.4

נאָר ווען הענט ווערן וואָגיק, וואָך
און פויסט צעוויגט זיך ווי אַ האַמער,
דאַן רעדן זיי די שפּראַך
פון טויזנטער צוזאַמען.

עס גיט אַ ציטער
אין דער טיפער קוילן־שאַכט —
סטרייק !
עס געוויטערט
די פאַבריק מיט מאַכט.
עס שטייגט
דער צאָרן
פון די ביטערע
יאָרן.
די הענט געוועזן זיינען טריי —
פאַר וועמען ?
פאַר יעדן רויבער פריי
צו נעמען.

סטרייק!
עס שווייגט
מאַשין־געזשום.
עס שטומט
דער מעכטיקער מאָטאָר.
די פינגער צען
זיי האָבן גאָר
זיך אַליין דערזען,
די פּאָר הענט
זיך ערשט דערקענט.

.5

באַלעבאָס איז גרייט
קעגן הענט.
מאַשין־ביקס שטייט
באַ זיינע ווענט.
עס העלפט קולטור:
די ראַדיאָ מאָלט,
אַ לויב צום שטאָל;
די פּרעסע־הור
זי שינדט און שענדט.
די שיין־שרייבער
זיי באַזינגען
די שטערן און שטרייפן,
וואָס לעכערן לייבער,
די קוילן וואָס פייפן
און טרעפן די פינגער.

דאָס בלוט דאָס ריינע
די גאַסן באַשפּריצט,
די רויטע שטיינער
אין הערצער פאַרקריצט.

באָמבעס פּלאַצן
אין פּאָנים אַריין,
אין שטילע פּאַלאַצן
פינקלט דער וויין.
באָמבעס צו טרערן,
באָמבעס צו ברעכן,
טאַנקן שווערע
אַף גאַסן פּעכן —
צו באַלוינען
די הענט,
די טרייע הענט,
וואָס האָבן דעם סוינע,
דעם הערשער דערקענט.

דעם שפּייזער געטראָפן
האָט די ראָצכישע קויל.
פּאַבריק איז שוין אָפן
באַשיצט פון פּיסטויל.

די „האַנט" האָט פּאַרלאָרן,
געוואונען האָט באָס.
עס רוישן מאָטאָרן,
פון פלייסיקע פינגער,
וואָס וועבן און שפּינען
און שמידן אויס רינגען
באַ וואַכע מאַשינען
פּאַר גיכער נעקאָמע —
מילכאָמע.

.6

פון אונטן און פון אויבן,
פון יעדער זייט,
הויבן זיך די שטויבן
פון די אַרבעטלייט.
די שווערע הענט
זיי האָבן זיך דערנענט —
און באַפרייט.
פון יעדן האַלדז
שאַלט געברום:
מיר זיינען אַלץ
און אומעטום.

וואו זיינען זיי, די שינדער?
אַרויס מיט זיי אַצינדער.
נו, קומט און קויפט
אַ מיליאָנענדיקע פויסט.
מיר קומען אייך אַ כויוו,
נו, קריכט אַרויס
פון די פּאַלאַצן־היילן —
מע דאַרף אייך איבערציילן...
באַצאָלן אייך
פאַר יעדן טראָפּן בלוט
גלייך,
אין דער מינוט,
באַצאָלן אייך פאַר שאַנד
פון אַלע יאָרן,
ס'איז אויסגעהונגערט אונדזער האַנט
נאָך אייך געוואָרן...

## ענגעל

דער 18יאָריקער קאָמוניסט ענגעל האָט דער־
שאָסן דעם פּוילישן פּראָוואָקאַטאָר לוקאַטש און
איז דערפאַר הינגעריכט געוואָרן אין 1924,
אין לאָדז.

ס'האָט די שוועסטער געפירט מיך אַף קייווער־אָוועס צום טאַטן,
אַפן אַלטן לאָדזשער בייסאוילעם, —
נאָר מיך האָט געצויגן צו אַ שטיין, ביים וועג דעם גלאַטן,
צום קייווער פון ענגעל, דערמאָרדעט פון הענקער — פּוילן.

— גיי ניט, אַ ברודער, אַהין דאָרט, מע טאָר ניט,
עס טשאַטעווען שפּיקעס פון אַלע ווינקלען און זייטן.
מע וועט דיך, כאַסוועשאָלעם „אַריינזעצן" פאַר גאָרניט ;
פון יענעם קייווער מוז מען זיך האַלטן פון ווייטן.

אַזוי האָט געטייַנעט מיין שוועסטער די פרומע —
און אַרייַנגעוואָרפן אַ קוויטל פאַר מיין זינדיקער נעשאָמע
אין ראַדאָשיצערס אויעל,
וואו ס'האָבן ליכטלעך געברענט זיך און געלאָשן
און אידן געבעטן האָבן גאָט,
פאַר אַ פּאָר קופּערנע גראָשן.

נאָר מאָרגן באַטאָג מיך געבראַכט האָט צום קייווער
פון ענגעל דעם העלד,
אַ פּיאָנערל, אַ יאַטל אין אַ שוואַרצן קאַשקעט,
וואָס האָט זיין רויטקייט פאַרשטעלט.

מיר האָבן די היטלען אַרונטערגענומען,
און נאָענט געווען איז דער שטיין,
און טייער געווען איז די ערד.

ס׳האָט ניט געשטיקט אונדז קיין צעבראָכן געוויין,
נאָר שאַרפער געבלאַנקט האָט אין האַרצן די שווערד
און פריש געווען זיינען אונדזערע רויטע בלומען.

און דערציילט האָט דאָס יאַטל, דער פּיאָנער,
דער יוירעש פון העלדישן ענגעל,
אַז עס העלפט ניט פון שפּיקעס דאָס שפּירן:
עס געפינט זיך יעדע וואָך שוין ווער,
וואָס טוט דעם קייווער מיט רויטע קווייטן באַצירן.

# פרילינגדיקע ערד

(איציק פעפער)

עס ריזלט אין מיין בלוט אַזאַ זילבער קוועלכל,
ווי אַ זאָרגלאָז לאַכעדיקער שטראָם אין טיפֿן כמורנעם וואַלד.
איך קלעטער איבער פֿליכעוואַטע סקאַלעס,
און בערג פֿאַרשימלט־נאַקעטע,
צו פֿלאַכן־שפּיצן זוניקע,
באַזוימט מיט יונגן יעל,
אַף טעפּיכער פֿון סאַמעט־גראָז
און בלימלעך צאַרט און העל.

איך בין געווען אין לאַנד פֿון די סאָוועטן.
ס'איז מיר באַשערט געווען צו טרעטן
אַף ערד, וואו ס'האָט אַמאָל געיאָמערט
דער שטראָמענדיקער בלוטן־קוואַל
פֿון אירע בעסטע זין און טעכטער,
וואו אויסגעוואַקסן זיינען וועלדער־טליעס,
ווי טויטע זעלנער־באַטאַליאָנען,
וואָס האָבן שטייף און שטאָלץ
די קעפּ צו פֿלאַמענדיקער זון געהאַלטן.

איך האָב געוואוסט: ס'איז יעדער שפּאַן
געווען אַמאָל — מאַרטירער טראָט,
און איצט איז יעדער טראָט —
דער שפּרייז פֿון וועכטער־באָלשעוויק.

און ווען קאַנאָנען־קנאַל האָט אויסגעשאַלט
דעם יאָנטעוו פון דער פרילינג־ערד,
די פרייד פון ערשטן מאַי, —
האָט אויפגעבליט דער טליעס־וואַלד
פון דוירעס־לאַנג,
מיט צוויבערדיקער פראַכט,
האָט אויפגעוואַכט
רעוואָלט־געשטאַלט
און קייט־געקלאַנג.

איך האָב געזען בודיאָניס טענצלדיקע שטורעם־פערד.
ס'האָט זיי געענטפערט ציטערדיקע פרילינג־ערד:
„עס הערט די גאַנצע אויפגעברויזטע וועלט".
עס האָט געטרעלט
פון אויבן עראָפּלאַן,
עס האָט געהעלט
דער גרינגער שפּאַן
פון רויטן מיליטער
און יונגן פּיאָנער.

עס איז געגאַנגען ס'פאָלק.
אַרויס — פאַבריק,
אַרויס דאָס הויז.
אין האַנט דאָס גליק,
דאָס האַרץ — אַ רויז.
עס האָט מאַרשירט דער באָלשעוויק.

און ס׳איז געלעגן רואיק, וואַך
אין טורעמדיקן מאַוזאָלעי,
אין שוויינגדיקער פּראַכט,
דער בריגאַדיר פון וועלט־אַרמיי
פאַר לעצטער שלאַכט.

ס׳האָט לענין אַלץ געזען, געהערט.
ווי ס׳ליגט די שמעקעדיקע פרילינג־ערד,
באַרוישט, באַיונגט, באַפרייט —
דערלעבט די צייט —
אין מאַוזאָלעי עס ליגט
דער פירער־באָלשעוויק.

ווען כ׳הער באַ זיך אין לאַנד אַצינד
געוויין פון הונגעריקן אַרבעט־קינד,
הילכט אָפּ אין מיר דאָס העל געזאַנג,
דער קינדערישער מונטערגאַנג
אַף גאַסן ברויזיקע
אין מאָסקווע און אין קיעוו.

איך ווייס אויך דאָס:
ווער ס׳איז געווען אין לאַנד פון לענין,
וועט רוען מער באַ זיך אין לאַנד ניט קענען.
ס׳וועט אין די שלאָגנדיקע אָדערן
דאָס בלוט זיינס מאָנען, פאָדערן:
אַ סאָף צום וואָרעמדיקן לעבן,
וואָס פּרעסנדיקער קנאַפּל קען צעטרעטן.
דעם קינד דעם הונגעריקן וועט ער געבן
פאַר זיינע לייד — אַ לאַנד פון די סאָוועטן.

# לאָדזשער קוימענס

די גאָרגלדיקע קוימענס קוקן גאַדלעסדיק אַראָפּ
אַף שמאָלע הינקענדיקע געסלעך־קאַליקעס,
אַף הויקערדיקע הייזלעך — פאַרקאָפּטשעט און פאַרפּראָפּט,
אַף שייבעלעך פאַרשטעלט מיט ברודנע שאַליקעס.

איך האָב אַלס קינד געשראָקן זיך פאַר הויכע קוימענס פון פאַבריקן,
וואָס האָבן אַף מיר געדראָט פון לאָדזשער הויפן,
ווי שיקלאָויגיקע קאָזאַקן מיט האָצקעדיקע פּיקעס,
פון וועלכע מיר פלעגן זיך ווי מייזעלעך צעלויפן.

שטייען איצט פאַבריקן קרישלדיק ווי מומיעס.
פון די בלודנע פענצטער פינצטערט פאַכעד־הונגער.
שטאָלענע קאַפּעליע פון מאַשינען שטום איז,
גריזשענדיקע נויט האָט וועבשטול אָפּגעדונגען.

און די הויכע קוימענס, אָט די לאַנגע דראָנגען,
גאַפן סטאַם, ווי אָפּגעריסענע נאַרן.
כ׳וואָלט די גאָרגלען די פאַריסטע איצט באַהאָנגען
מיט אַ סטענגע שפּולן שוואַרצן גאַרן.

# מישפּאָכע

אַ קייקלדיקע הייסע פרײדנס־טרער
אַף שוועסטער־באַקן אויסגעבלייכטע.
אַ, יאָרן־יאָרן לאַנג מיט האַרץ אַ שווערס
געוואָרט אַף רעגע דער דערגרייכטער.

— אַוועק אַ קינד און איצט ביסט גרוי שוין!
נאָר כ׳האָב דיך גלייך אין באַן־וואַגאָן דערקענט.
— אָ, נאַדיר, זע, אָט קומט דער פעטער מוישע,
דו זעסט ווי עס ציטערן אים די פאַרמעט־הענט?

איך קוק זיי אָן די שוועסטער פיר צוזאַמען,
וואָס וואָלטן וועלן איצט אַ ווייַן טאָן פריי,
נאָר ליפּן־דאַמבעס טרערן־פלייץ פאַרצאַמען
און הויך מע לאַכט אַזוי די גאַנצע צייט . . .

מע פאַדיעט, ווי איך וואָלט אַ כוילע זיין מעסוקן,
מע קאָכט מיר יאַיכעלעך פון ווייכסטער הון,
עס הערט ניט אויף דאָס שוועסטער־אויג אַף מיר צו קוקן,
פאַר זיי בין איך: אַ פאָטער, ברודער, זון.

דאָס הויז איז אָנגעפּאַקט מיט קרויווים, פריינט און שכיינים.
עס האָגלען רייד. מיין צונג זי דינט מיר שוין ניט מער.
מע ווינטשט „לעכאַים" איבער קימל־שנאַפּס דעם ריינעם,
און אַף דער וואַנט, אַף מאַמעס בילד, איך מערק אַ טרער.

אין אָוונט בלייבן איבער נאָר די פעטערס.
מע האַלט אָן אייצע זיך, מע שווייגט, מע קלערט.
מע הערט ניט אויף די וואָנצעס זיך צו גלעטן,
עס דרינגען פינגער דורך די דזשאָנגל־בערד.

מע פּאַסקנט וועגן כּאַסענעס און געטן.
— זי וועט אַ מויד פאַרבלייבן, ביזן גרויען צאָפּ.
— עס וואָרט רעב עליע אַף שטאָפּעטן,
פּאַרריסן האַלט דער כאָסן שוין דעם קאָפּ...

די עלטסטע שוועסטער נעצט מיט צונג די ליפּן,
די אינגסטע טוליעט מיך מיט הייסן בליק.
ווי פערל וועגט זיין וואָרט דער פעטער ליפּע,
זיין קלאָל: דאָס וואָרט פון מויל קומט ניט צוריק.

— די צונג פאַרשטעלט איז דאָך פון פעסטונגען — די ציין,
וואָס צאַמען פּלוידער־רייד און מאָנען מאָס.
דער פעטער גיט מיר יעדן איניען צו פאַרשטיין
מיט פּסוקים פונעם ראַמבאַם, טויספעס און שאַס.

די מומעס שפּרעכן דייטשמעריש און אידל,
פּאַרבעטן מיך אַף טשאָלנט און קאָלאַציע.
זיי פּוצן אויס זיך דאַן אין סאַמעט־קליידער
און ווילן מיך מיט מייסעס פון קוראַציע.

די קינדער זייערע רעדן ניט קיין אידיש,
די שלאַנקע טעכטער קליידן עלעגאַנט זיך,
נאָר קושן זיך היסלאָוועסדיק און כּסידיש
און ווילן וויסן צי דעם פאָקס־טראָט טאַנץ איך.

— באַ אונדז די צייטן ווערן שלימער,
עס פאַלט דער ווערט פון די ציגעלניעס, —
האָט מיר פאַרטרויט אַ סאָד די טאַנטע בלימע
באַם גלעזל קאַווע־שמאַנט אין דער צוקערניע.

איר זון האָט אויסשטודירט אַף דאָקטער מעדיצין,
נאָר אידן ווערט אין פוילן דאָך אַלץ שלימער.
— פאַר אונדז די צוקונפט, זאָגט מען, ליגט אין פּאַלעסטין,
נאָר וואו ס'איז ווירקלעך גוט, ווייס גאָט אין הימל.

דער שוואָגער מיינער מיט די עפּל-בעקלעך
באַדויערט וואָס ער לעבט ניט אין ניו יאָרק.
דער האַנדל-וואַנדל מיט די לייוונט-פּעקלעך
פאַרשאַפן אים דאָ, זאָגט ער, צופיל זאָרג.

זיין טאָכטער דעקלאַמירט פאַר מיר אַ ליד,
וואָס ווײנט אַף טויט פון גרויסן מאַרשאַל.
איך פיל פון אַלעם ענג זיך דאָ און מיד
און גאַנווע זיך אַוועק אַזוי קיין וואַרשע.

---

דער פּאַלאַק סטאַך, מיין כאַוועד קאָמוניסט,
וואָס כ'האָב איצט ס'ערשטע מאָל באַגעגנט,
האָט זיך געפרייט און ברידעריש באַגריסט
און גלייך מיט פראַגעס מיך באַרעגנט.

מ'האָט איינגעשטילט די אויסגעדורשטע רייד,
צעפלאַקערט האָבן זיך די אויגן,
פאַרקניפּט אונדז האָט אַ כאַווערישע פרייד,
ווי ס'לאַכט פון שטורעם — רעגנבויגן.

און שפּעטער נאָך אין קרייז פון ליבע יאַטן,
געהיימערהייט פון טכוירן שפּיקעס,
גערירט צו טרערן האָבן מיך די טאַטן
פון פוילנס העלדן — באַלשעוויקעס.

אין פּאַוויאַק אָפּגעדינט זיין סראָק האָט יעדער
און אָפּן לייב געצופּט נאָך האָבן וואונדן.
אָף פּאָנים ליגט די שריפט פון טורמע־פּעדער,
נאָר וואָרט פון מויל האָט וועלדער אָנגעצונדן.

כ׳האָב אָפּגעגעבן גרוס פון אונדזער היים,
פון לאַנד פון אַרבעטער און פויער,
און יעדנס פּאָנים איז געוואָרן שיין,
ס׳האָט זון געשטיפּט אין אויגן גרויע.

און ווען דערזען האָט אַנקאָ די מאַטבייע
מיט אויסגעקריצטן סערפּ און האַמער,
האָט זי מיט דעם ניט אויפגעהערט זיך פרייען,
אין פויסט צום האַרצן זי געקלאַמערט.

איך האָב דערפילט זיך פּלוצלינג אזוי היימיש־גוט
מיט אים, וואָס, מעגלעך, היינט נאָך, באַלד, צעשיסט מען.
ער איז אַ טייל פון מיר, מיין אייגן פלייש און בלוט,
מיין שטאַם באַשטייט פון יאַטן — קאָמוניסטן.

---

כ׳האָב קיינעם ניט געהאַט אין לענדער פיל,
נאָר אומעטום אין אָרימען קוואַרטאַל,
האָט מיך באַהערשט דאָס וואונדערלעך געפיל
פון אייגן ליד — דעם „אינטערנאַציאָנאַל“.

כ׳האָב איצט אין יעדן לאַנד אַזויפיל פעטערס, מומעס,
עס וואָרצלט טיפער זיך מיין פעסטער שטאַם.
כ׳וועל אומעטום צו זיך אַהיים באַלד קומען,
ס׳וועט גאַנצע וועלט ניט האָבן מער קיין צאַם.

# בירָא–בידזשאַן

(הימן)

עס וועט זיך אידיש בלוט ניט גיסן
אין לאַנד פון די סאָוועטן.
נאָר ליד פון פרייהייט וועט באַגריסן
די ערד וואָס זיי באַטרעטן.

אַראָפּ דער דוירעס־לאַנגער טרויער,
דער שימל און די וואונדן.
אַף בירָא־פּעלד האָט איד — דער פּויער —
דעם מאָרגן אָנגעצונדן.

באַם טייך אַמור, אַף בערג כינגאַנער,
וועט ליד פון העקער שאַלן.
די אַרבעט־האַנט וועט לאָדן באַנען
מיט סאָיע און מעטאַלן.

בירָא־בידזשאַן איז אויס לעגענדע,
נאָר לאַנד פון פּיאָנערן.
אַן ענטפער צו די וויסטע לענדער
פון קאַפּיטאַל און טרערן.

אַהער קומט האָרעפּאַשניק בויען
אַ מונטער, זאָרגלאָז לעבן.
אין לאַנד פון אַרבעטער און פּויער,
וואו האָפנונגען זיך וועבן.

עס וועט זיך אידיש בלוט ניט גיסן
אין לאַנד פון די סאָוועטן.
איז לאָמיר פריידיק איצט באַגריסן
די ערד וואָס זיי באַטרעטן.

# אָקטאָבער–טריט

עס הילכן אָפּ די דונער־טריט
פון שטאָלענע אָקטאָבער־יאָרן;
אַף זייער פּאַן איז אויסגעשמידט:
„די גאַנצע מאַכט די ראַטן!"

אַף בלוט־צעווייקטער טרערן־ערד
צעכריפּעט האָט זיך רויבער־הונגער;
נאָר פון דעם ראַטן־לאַנד זיך הערט
דאָס פריילעך ליד פון פרייע יונגען.

און וואו עס דריקט דער יאָך־געשפּאַן
און ביקס פון אונטערדריקער לויערט, —
הויב אויף די אויגן צום פּאַרבאַנד
פון אַרבעטער און פּויער.

זאַפּ איין דעם אָטעם פונעם זיג
פון די אָקטאָבער־טעג, די רויטע,
ווען ס'גייט אין שלאַכט אַ באָלשעוויק
און ס'פינקלט סערפּ און האַמער לויטער.

אין שקלאַפן־לענדער הויבט זיך אָן
דער שטורעם־שפּרייז פון יאָרן.
צעפלאַטערט שטאָלץ די פויסטן־פאָן:
„די גאַנצע מאַכט די ראַטן!"

# אינהאַלט

## 1. זונשיין און שטורעם


דער זייער האָט געזייט ........ 7
אָקטאָבער ........ 9
מערץ־געזאַנג ........ 11
קריעס ........ 13
זונשיין און שטורעם ........ 14
זומער־רעגן ........ 15
ראָסטיקע בלעטער ........ 16
אַ פישער־דאָרף אין מעין ........ 17
וואַקאַציע־טעג אין מעין ........ 19
אַ נאַכט אין מעין ........ 22
פלאַנצן ........ 28
ווינטן ........ 29
אַף אַ פערי ........ 30


## 2. האַרטער היינט


היינט ........ 33
ס'איז דאָס לאַנד ........ 34
אַמעריקע, 1934 ........ 35
וועלף ........ 36
צום פויקער ........ 37
הונגער־ליד ........ 39
אינדערהיים ........ 40
היים־אידיליע ........ 41
סאָנעט ........ 43
נאָך דער אַרבעט ........ 44
סאָנעט צו אַ מאַרטירער ........ 45
לענין ........ 46
לענין רייען ........ 47
צום זיג ........ 48

### 3. שוואַרץ און רויט


נעגער־אַרבעטער ........................................................ 51
סקאַטסבאָראָ ................................................................ 52
אין אַלאַבאַמאַ ............................................................. 53
נאָרמאַן טיבאָדאָ דערציילט ............................................ 58
בלוי־גראָז ....................................................................... 61


### 4. מיין לאַנד


הונגער־מאַרש ................................................................ 67
די הואווער־דאַמב ........................................................... 70
הויך־רעדנער ................................................................... 74
אַמעריקאַנער ביאָגראַפיע ................................................ 76
דעטעקטיווס אַף דער וואַך ............................................... 79
מיסעס קאַפּאַלן זאָגט ...................................................... 83
דזשאַן אַנדזשעלאָ ............................................................ 86
מעדאַלן ............................................................................ 89
אוראַגאַן ........................................................................... 92
הונגעריקע הענט ............................................................. 109
ענגעל .............................................................................. 115
פרילינגדיקע ערד ............................................................ 117
לאָדזשער קוימענס .......................................................... 120
מישפּאָכע ........................................................................ 121
בירא־בידזשאַן ................................................................ 125
אָקטאָבער־טריט .............................................................. 126